מוישע קולבאק

# זעלמעניאנער

## צווייטער בוך



מעלוכע־פארלאג פון ווײַסרוסלאנד
מינסק ★ נאצסעקטער ★ 1935

1

# א פראָלאָג וועגנ א לעפל

קיינער האָט ניט פארשריבנ זייַנע ניסיוינעס אינ דער גרויסער וועלט־מילכאָמע. אינ די לאנגע, טונקעלע טראנשייעס, אָדער אפ דער פרייַ, אינ הינטערלאנד, האָט זיכ ארומגעדרייט—דאָסראָוו ארום א וואנדערנדיקער קיכ—א באוואקסענער סאָלדאט אינ אנ אופגעטרענט ווינטערדיק היטל, אינ א הארטנ שינעל, אונ אפ עפעס ארויסגעקוקט. די ביקס האָט ער שוינ ניט איינמאָל פארלאָרנ, דערפאר האָט בא אימ שטענדיק געשטעקט א הילצערנ לעפל אינ כאליאווע—דאָס וויכטיקסטע געווער זייַנס אינ דער גרויסער וועלט־מילכאָמע.

דאָס איז נאָכ געווענ אינ סאמע אָנהייב, אינ 1914, אינ א הייסנ זומער־טאָג.

עשאלאָנען מיליטער זייַנען אָפגעפלויגנ איינע נאָכ די אנדערע פונ א גרויסשטאָטישנ וואָקזאל. אפ די פלאטפאָרמעס האָבנ זיכ געוויגט אינ דער זונ קייַלעכדיקע זעלנערישע היטעלעכ, אָנ דאשעקעס, ווי א היישעריק געקראָכנ דורכ די ווייַסע טונעלנ פונ וואָקזאל, אפ דעמ פעראָנ, האָבנ ארומגעקלעפט די וואגאָנעס, די בופערס אונ די דעכער פונ די וואגאָנעס.

עס האָט זיך געשטיקט א גרויסע, אַן אָנפּענעמדיקע, אַן אָנ־
סייכלדיקע מאסע ארום די לאנגע קעסיידערדיקע באנען.

פלוצלונג האָט ער דערזען פון וואגאָן, ערגעץ אין א ווייטן
ווינקל, א פויער מיט הילצערנע לעפל. דער אינעווייניקסטער
כוש האָט אים אונטערגעזאָגט, ער איז ארויסגעשפרונגען, אויס־
געקליבן דאָס גרעסטע לעפל און ארייַנגערוקט צו זיך אין כאַ־
ליאווע:

— סע וועט ד אָ ר ט ן צוניץ קומען!...

אזוי האָט ער דעמלט א טראכט געטאָן מיט דער פּראָסטער
ניכטערקייַט, וואָס איז אייגנטימלעך פאר דעם דאָזיקן מענטשן.

דערנאָך האָט זיך ארויסגעוויזן, אז ער האָט ניט געהאט קיין
גלאָז און גענומען טרינקען טיי מיט א לעפל. מע האָט פון אים
געלאכט, אָבער ער האָט מיט א טיפן קאלטן שפּאָט זיך ארומ־
געקוקט און געטראכט זייַן אייגענעם איינפאכן געדאנק:

— סע וועט ד אָ ר ט ן צוניץ קומען!..

דער מענטש האָט אפּ א פרידלעכן וואָקזאל, ווייַט פון פראָנט,
און קען זייַן נאָך פאר די ערשטע צוואמענשטויסן מיט סוינע,
אָנגעהויבן איינפירן די זיטן פון דער מילכאָמע.

דער דאָזיקער פארדינסט דארף פארשריבן ווערן אינגאנצן אפּ
זייַן כעזשבן.

ער האָט עס ליב געקראָגן, דאָס לעפל, אין די לאנגע יאָרן
פון דער מילכאָמע. ער האָט עס ליב געקראָגן, ווי א געצייַג,
וואָס האָט אים ארויסגעהאָלפן אין די שווערע צייַטן. איצט איז
עס שוין אלט און שווארץ, מיט אן אָפּגעבראָכן הענטל, ניט
גרעסער און ניט רייגער ווי א פלאך פון א זעלנערישער האנט.
איצט איז עס שוין קימאט ווי ניט קיין לעפל, אָבער עס איז
געווען עפּשער דאָס איינציקע, דאָס איינציקע צווישן לעפלען,
וואָס האָט אזויפיל געדינט דעם מענטשן.

ער האָט מיט דעם לעפל ארויסגעשארט קארטאָפל פונ פײַער. ער האָט מיט דעם געגעסנ שניי. אז עס האָט זיכ בא אים ארויסגעריסנ דאָס לעצטע קנעפל, האָט ער מיט דעם לעפל אונטערגעהאלטנ די הויזנ. ער האָט דאָס לעפל ארײַנגערוקט אינ קאָלנער אונ ער האָט זיכ מיט דעם געקראצט. ער האָט פונ לעפל געטרונקענ ריצנייל, בראנפנ אונ פראָסט וואסער. ער האָט מיט דעם געגראָבנ אָקאָפעס, ער האָט אמאָל פארקויפט דאָס לעפל בלויז אפ אָפצועסנ אונ באקומענ דערפאר א היפשנ שטיק ברויט.

אונ לעסאָפ, האָט ער אדאנק דעם שווארצנ אלטנ לעפל באקומענ זײַנ בעסטנ כאווער.

אמאָל באנאכט איז ער א פארכאלעשטער געזעסנ אינ דער אָקאָפע. ער איז געזעסנ אײַנגעשפארט מיט דער פלייצע אינ דער נאסער וואנט אונ מיט אנ אראָפגעבויגענעם הארטנ קאָפ געציילט די לעצטע מינוטנ פונ זײַנ לעבנ. פלוצלונג איז אינ גראָבנ ארײַנגעשפרונגענ עפעס א סאָלדאט מיט א הייס קעסעלע זופ, געכאפט אפגיכ דאָס געקעכצ צווישנ די קני אונ גענומענ שלינגענ.

דעמלט האָט ער ארײַנגערוקט דאָס לעפל צו יענעמ אינ קעסעלע.

דאָס איז געווענ א געפערלעכער, א פײַערלעכער מאָמענט. ער האָט מיט א שווײַגנדיקער אקשאָנעס אויסגעהאלטנ דעם גרײַלעכ לאנגנ, מאָדנע שטוינענדיקנ בליק פונעמ באלעבאָס פונ קעסעלע — אונ זיי האָבנ געגעסנ צוזאמענ.

שפעטער האָט יענער געפרעגט מיט א רויִקער באריטאָנ־שטימ:

— ווי רופט מענ דיכ?

ער האָט געענטפערט:

— בערע כוואָסט.

אָט דאָס איז ער — בערע דער זעלמעניאנער, רעב זעלמעלעס אנ אייניקל, ער איז עס געפאלנ אפנ סייכל מיטנ לעפל, אונ

צוליב דעם האָט ער זיך טאקע אין יענער נאכט באקענט מיט פאָרשניעוון, מיט זיַין פריַינט און לערער.

געענדיקט עסן, האָט פאָרשניעוו פארזיכטיק צוגענומען בא אים דאָס לעפל און עס ארויסגעוואָרפן. ער האָט ארויסגענומען דעם טאבאק, אוועקגעלייגט צו בערען אם די קני:

— רויכער. דו ביסט אן ארבעטער?

— יאָ, א גארבער.

— געהערסטו צו א פארטיי?

---

# 2

# בערע אין רעבזעהויפֿ

דער קאַוואַליערישער קאָרפּוס, וואָס האָט זיך אָפּגעריסן אפֿ א גרויסן מעהאַלעך פֿון די הויפּט־קויכעס פֿון דער ארמיי, אר־בעטנדיק אין א גוואַלדיק זומפּיקן ראַיאָן, איז ארײַן טיפֿ אין הינטערפֿראָנט פֿון די ווײַספּאָליאַקן און האָט מיט זײַנע אומגע־ריכטע קלעפּ ארײַנגעבראַכט אזא דעמאָראַליזאַציע, אז דער סוינע האָט אפֿילע ניט געקענט ווי געהעריק איז פֿאַרטיידיקן זיך.

די פֿאָלקן זײַנען געווען גוט צוגעגרייט צו א שלאַכט אפֿ פֿערד. זיי האָבן זייער שלעכט געקענט (און האָבן אויך ניט ליב געהאַט) פּעכאָטע־שלאַכטן, באַזונדערס אין גרויסע מאַסן און אפֿ ברייטע פֿראָנטן. און ווײַל זיי האָבן נאָך ניט געהאַט קיין גע־ניטקײַט און קענטשאַפֿט, האָבן זיי אויך ניט ליב געהאַט קיין נאַכט־שלאַכטן, געשאָכן ניט אין א פֿאַרגלײַך ערגער פֿון פֿוס־גייער, האַלטנדיק, אז דאָס בעסטע איז זיצן אפֿן פֿערד און אר־בעטן מיט קאַלט געווער.

און קען זײַן, אז די קאָמאַנדירונג האָבן זיך אויך דערמיט גע־רעכנט, ווען זיי האָבן די נעכט אויסגענוצט אפֿ מאַרשן.

די נעכט—אינ וועג.

אמאָל פארטאָג באוויַזט זיכ א רויטער פּאָלק ערגעצ אינ אנ אומגעריכטנ ראיאָנ, הונדערט וויאָרסטנ וויַט פונ פראָנט (געשלאָפנ האָבנ די קעמפער אפ די פערד). דערמיט דערקלערט זיכ אויכ אָט דער שוואכער ווידערשטאנד, וואָס די נ־ער ארמיי האָט באגעגנט אפ דער ליניע פונ די אלטע דיַטשישע אָקאָפּעס, וויַל בלויז דער קלאנג, אז באָלשעוויסטישע קאוואליעריע גיסט זיכ פונ צאָפנ אינ הינטערלאנד, האָט געצווונגענ די פּאָליאקנ צו ווארפנ זייערע אלע פּאָזיציעס מיטנ פּאָנעמ צו מיזרעכ.

די נאכט־מארשנ זיַנענ געווענ דרעמלענדיקע שלאכטנ פונעמ קאוואליערישנ קאָרפּוס, אונ די קעמפער געדענקענ זיי אזוי גוט, ווי דעמ גרויסנ אָנגריפ אפ שווענציאנ, ווי די באנאכטיקע גאסנשלאכטנ אינ ווילנע.

בערע האָט זיכ טאקע דעמלט אויסגעלערנט שלאָפנ רייַטנדיק.

*

מע פאָרט ערגעצ אינ א פינצטערער נאכט דורכ אנ אומבאקאנטער געגנט. דער פערד וויגט זיכ אי ווארעמ, אי ווייכ; זיצט מענ אינעמ ברעזענטענעמ זאָטל, דאָס צוימל—פריַ אינ האנט, די אויגנ שליסנ זיכ פּאָרזיכטיק, אונ עס איז א גרויסע פרייד בלויז פונ דעמ געדאנק, וואָס מע שלאָפט.

עס טרעפט אמאָל, אז פונ דער זיַט הייבט אָנ א גוטבאקאנטער באריטאָנ (פּאָרשניעוו) אויספרעגנ שטילערהייט:

— בערקא!

— א שטאָ?

— ספּיש?

— ספּליו!

אונ אינ א וויאָרסט ארומ נאָכ שטילער:

— א דאוּנאָ אוּשע יאַק ספּיש?
— ניע... ס׳ טוֹי סאַמוֹי מעלניצי, שטאָ פּראָיעכאלי...
שפּעטער, אין קאַלטן באַגינען, ציטערט מען אוּף און מע איז אויסגעשלאָפן. די מאַטע זעלמעניאַנישע אויגן טשוכען זיך און קוקן אַף גאַנצע מײַלן אַרוּם. הינטער די װעסנעדיקע נעפּלען װיקלען זיך רויזע און װײַסע קאָלירן, און דאָ ניט װײַט, פון אַ נאַסן קוסט, טוט אַ געשריי אַ פויגל, װאָס האָט אויך, קענטיק, די נאַכט אָפּגעשלאָפן אַף אַ צװײַג ש ט י י ע נ ד י ק.

*

די זעלמעניאַנער—אַז זיי זײַנען אַװעק אין קריג, זײַנען זיי פאַרפאַלן געװאָרן. װעגן אַנדערע פון זיי האָט מען באַלד שטילערהייט אָנגענומען, אַז זיי זײַנען אומגעקומען אַף זיכער, און מע האָט זיי פאַרגעסן. װעגן אַנדערע האָט מען זיך באַם אָנהייב אַביסל געשלאָגן מיט דער דייע, געװען צדאָדים פאַרשיידענע, ביז מען האָט זיי, פאַרשטייט זיך, אויך פאַרגעסן.
דער פעטער פאָליע—אַז ער איז פאַרפאַלן געװאָרן, זײַנען ניט געװען קיינע מיינונגס־פאַרשיידנהײַטן און מע האָט אים פאַרגעסן גרינגלעך. נאָכדעם, אַז ער איז צוריקגעקומען פון עסטרײַך איז די ערשטע צײַט געװען אַביסל פריקרע.
בענעגייע בערעס טויט האָט מען זיך אַרומגעשלאָגן אין הויף.
דעם פעטער איטשעס שטוב איז געשטאַנען פאַר דעם, אַז ער לעבט; דעם פעטער זישעס שטוב האָט אָבער דאַפּקע געהאַלטן, אַז ער איז שוין ניט פאַר קיינעם געדאַכט.
דער פעטער זישע פלעגט גלעטן די באָרד און טײַנען:
— געװוּג צו פלאַנכענען, מע דאַרף זען אים צו פאַרגעסן...
דאָס איז געװען אַ פאַרליטענער קאַמף אַרוּם מייסים, װאָס איז געפירט געװאָרן אָן געשריי און אַמפּערניש. שטיל האָט מען

געריעדט און די ווערטער זײַנען געווען פּוסטע, וואָרום די זאַך איז געלעגן אין דעם קוק פון אַן אויג, אין דעם באַריידעוודיקן מאַך פון אַ האַנט.

ווינטער.

ווי אַרויסגעטעסעט פון דער ווינטערדיקער לופט שטייען בוי־לעט די שטיבער אָפּן שנײ. עס איז שוין באַלד אָוונט. עס שײַנט שאַרף די ראָזעווע קאַלטע זון־שײַן אויפֿן שנײ און די בלויע שײַן פון די קאַלטע הימלען. די שויבן זײַנען פֿאַרפֿראָרן, און אַז די שטאַרק הוילע ליכטיקײַט פֿאַלט אַרײַן אין די זעלמעניאַנישע שטיבער, איז זי שוין אַ מאַטע און אַ דריקע, ווי דער מאַטער קוק פון אַ דערפֿאַרענעם זעלמעניאַנער.

אַ קאַלטער ווינטערדיקער שלאָס העכנט אויפֿן רעבזעהויף.

די מומע מאַלקעלע קומט אַרײַן אַ דערפֿראָרענע צום פֿעטער זישען אין שטוב פּונקט דעמאָלט, ווען ער זיצט בײַם ברייטלעך בײַ די צעטרייבערטע זייגערס.

שטיל, ווי בײַ אַ זייגערמאַכער. די ווײַזערס מעסטן די צײַט, די פּאָמפּעדיקלען — די שטילקײַט.

די מומע מאַלקעלע דערציילט, אַז יאַנקעווו בויעזעס ייִנגערע שנור, וואָס איז געפֿאָרן אין קרעמענטשוק אויף קיווערעס, האָט דאָרטן געזען בערען. ער איז אַרײַנגעגאַנגען אין אַ הויכן מויער.

יאַנקעוו־בויעזעס ייִנגערע שנור איז צוגעלאָפֿן און אַרויסגע־שריִען אויף די טרעפּ:

— בערע, אַ גערוס דיר פֿונדערהיים!

און די מומע מאַלקעלע מיינט, אַז דעריבער האָט איר בערע ניט געענטפֿערט, ווײַל ער איז שוין געווען אײַנעהייניק.

די מומע מאַלקעלע קוקט אָנגעשטרענגט אויף דעם פֿעטער זי־

שעס פירקאנטיק פּאָנעם: צי אָנערקענט ער ניט סאָפּקאָלסאָפּ די גילטיקייט כאָטש פון איינעם א געווס?

דער פעטער זיצט אָבער קאלטלעכ, קוקט מיט א מאטנ בליק פון א דערפארענעם זעלמעניאנער, און באשליסט צום צענטנ מאָל, אז ער וועט שווייגנ. ער איז אָבער שפּילצלעווע, טוט ער פּלוצלונג קעגנ דעם אייגענעם ווילנ א פרעג:

— פארוואָס עפּעס אינ א הויכנ מויער?

ווינטער.

די שווארצע קלעצער פונ רעבזעהויפ סטארטשענ ארויס פונ די גראָבע שנייענ, ווי אלטע ביינער. דער שניי שווענקט זיכ אינ ראָז. א קאלטער ווינטערדיקער שלאָס הענגט אפנ רעבזעהויפ.

דער פעטער איטשע קומט א פארשמייעטער פונ גאס מיט דער לעצטער פרישער ידיעה:

— בערע געפינט זיכ אינ מאָזיר!

די מאָזירער באלעגאָלעס האָבנ אים געזענ, ווי ער האָט אינ מאָזיר געריטנ אפ א פערד.

דער ווינטערדיקער פעטער זישע גיט באלד א פרעג:

— פארוואָס עפּעס אפ א פערד?

נאָכדעם קוקט ער פארטאָג אינ דער שפּאקטיוו אונ בויט ווייטער זיינע טויט־שמעקנדיקע האשאָרעס, וואָס ער גופע איז ניט צופיל זיכער, צי זיי שטימענ גענוי מיט דער ווירקלעכקייט.

שטאמענ שטאמט עס, וואָס דער פעטער זישע איז א זייגער־מאכער. ארייַנקוקנדיק אינ א זייגער, האָט ער, ווי אלע זייגערמאכערס, געטראכט וועגנ גאנצ אנדערע זאכנ. דערביי האָט ער ניט צופיל געהאלטנ פונ איטשקענ מיט זיינ הויזגעזינד, דע־ריקער פונ בערענ, אז ער איז עס אָט דער מענטש, וואָס וועט זיכ קענענ אויסהיטנ פונ א קויל אפ דער מילכאָמע.

דערנאָך האָט דער פעטער זישע, פון זײַן זײַט, געבראַכט א יעדיע פון בעסמעדרעש.

באַלד נאָכן דאַוונען האָט ער אַדורכגעפֿענצטער א ווונק געטאָן צו פעטער איטשען, גענומען בא אים א טקיעסקאַפּ, אז ער וועט ניט מאַכן קיין מיעסע שטיק און אים איבערגעגעבן, אז בערען האָט מען אופגעהאַנגען.

דער פעטער איטשע האָט זיך גענומען טאַפּן פאַרן קאָפּ, בײַסן די פינגער און טרערן האָבן פון אים געשפּריצט, ווי פון א קוואַל. דאָס אַלץ האָט אָבער געמוזט פאַרקומען שטומערהייט, ווײַל אים אַנטקעגן איז געזעסן דער שטרענגער פעטער זישע און געוואָרנט מיטן פינגער:

— געדענק דעם טקיעסקאַפּ, איטשקע, געדענק דעם טקיעסקאַפּ!

אַלזאָ, בערע איז שוין אָלעוואַשאָלעם.

דעמאָלט האָט דער פעטער זישע פאַראָרדנט אין הויף, אז די מומע מאַלקעלע זאָל ניט וויסן פון דער זאַך, ווײַל עס איז אָנגענומען, אז א מאַמע דערוויסט זיך וועגן דעם טויט פון א זון אַסאַך שפּעטער. דער פעטער איטשע האָט געפאָלגט. ער איז אַרומגעגאַנגען א גאַנצן ווינטער מיט א פאַרקאַשערט, נאַרעשעוואַט בערדל און די אויגן האָבן בא אים געטרערט.

ער האָט אפילע יאָ אַמאָל, זיצנדיק א פאַרשמאַכטער לעבן דעם פעטער זישען, א פרעג געטאָן:

— זישע, פאַרוואָס עפּעס אופגעהאַנגען?

דאָס האָט ער א פרעג געטאָן פון פאַרצווייפלונג. דער פעטער זישע האָט אָבער אַף אים געוואָרפן א שאַרפן קוק, ווײַל ער האָט בייסמײַסטע געמיינט, אז מען האָט שוין דעם שנײַדערוק ווידער ערגעץ אונטערגעהעצט. דער פעטער זישע האָט אים אַף דעם גאָרנישט געענטפערט, בלויז געקוועטשט מיט די פּלייצעס און געשטויגט.

דער שווינדל מיט בערעס טויט האָט זיכ אָבער ניט איַינגעגעבנ.

סאָפ ווינטער, ווענ דער רעבועהויפ האָט זיכ געווייקט אינ די ערשטע ווארעמע רעגנס, האָט וועלוול דעמ מעלאמעדס זונ אָנגעקלאפט שפעט באנאכט צו דעמ פעטער איטשענ. ער האָט געבראכט א גערוס: מיט א נאכט צוריק האָט ער געטראָפנ בערענ אינ סמאָלענסק אפנ וואָקזאל אונ בערע האָט דורכ אימ געשיקט אהיימ א רויטנ עפל.

דער פעטער איטשע איז געשטאנענ אינ הויפ צווישנ א רעדל זעלמעניאנער אונ דערציילט:

— די מיַיסע איז אזוי: וועלוול דעמ מעלאמעדס זונ איז זיכ געזעסנ אפ דעמ סמאָלענסקער וואָקזאל אונ גערויכערט א פאפיראָס. דעמלט זעט ער, ווי בערע שטייט אינ סאמע מיטנ וואָקזאל אונ עסט אנ עפל. וועלוול דעמ מעלאמעדס זונ איז, פארשטייט זיכ, באלד צו אימ צוגעלאָפנ אונ געפרעגט „זע, בערע, דאָס ביסטו? אבי בא אונדז האלט מענ, אז דו ביסט שוינ געשטאָרבנ!“ בערע האָט נישט געוווסט פונ וואָס צו זאָגנ (דערמיט האָט דער פעטער איטשע געוואָלט א שטאָכ טאָנ דעמ ברודער זיַינעמ, דעמ זייגערמאכער). בערע האָט זיכ גריַילעכ דערפרייט מיט דעמ גערוס, האָט זיכ נאָכגעפרעגט וועגנ אלעמענ, אונ באלד האָט ער ארויסגענומענ פונ קעשענע א צווייטנ, א גרעסערנ עפל, אונ איבערגעגעבנ וועלוול דעמ מעלאמעדס זונ:

— פאר דער מאמענ אונ פאר דעמ טאטנ!

דער פעטער איטשע איז אמאָל אינ א נאָווענע געוועזנ צעהאָצט.

אינדערפרי איז שוינ אלצ געוועזנ קלאָר. דער שווארצער פרילינגדיקער רעבועהויפ האָט מיט יעדנ נאסנ קלאָץ פונ די נידעריקע שטיבער געשלונגענ די ערשטע טראָפנס לעבעדיקע שיַינ.

דעמלט איז דער פעטער זישע ארויס מיטנ שפאקטיוו אינ אויג

אפנ גאנעק, א קוק געטאָנ אפנ גוטנ, ווארעמענ הימל אונ באַ־
שלאָסנ נאָכצוגעבנ.

עטלעכע טעג איז דער עפל געלעגנ אינ א טעלער אפנ טיש. דאָס איז געווענ א רויטער ווינטערדיקער עפל, א ראפּע, מיט א גראָבער הויט, מיט א קורצנ גראָבנ שטענגל אונ פונ אימ האָט געטראָגנ א ווײַניקער רייעכ איבערנ גאנצנ שטוב. עטלעכע טעג איז דער עפל געלעגנ אפנ טיש. מענ האָט געטאפּט זײַנ קילע הויט, געהויבנ אימ פארנ שטענגל אונ געטראכט דערבײַ וועגנ בערעס לעבנ אונ וועגנ זײַנע ניסיוינעס אפ די שלאכט־פעלדער.

עטלעכע טעג איז בערע געווענ דער שיינער כאָלעמ פונ די זעלמעניאנער. דער הויפ האָט אימ פלוצלונג דערזענ, ווי אנ אופגייענדיקנ שטערנ אינ דער מישפּאָכע, וואָס איז שוינ גע־גאנגענ בארג־אראָפּ.

אָבער וואָס טוט מענ צו דעמ פעטער איטשענ?

דער פעטער איטשע, וועלכער האָט ניט פארמאָגט די פײִקײַט צו טראכטנ ווײַט, האָט אמאָל אינ א רעגנדיקער נאכט, ווענ ער איז מיט דער מומע מאלקעלענ פארבליבנ אליינ אינ שטוב, א זאָג געטאָנ פארטראכטערהייט:

— איז וואָס, מאלקעלע, מיר וועלנ זיכ עפּשער זעצנ עסנ דעמ עפל?

די מומע האָט זיכ אינ דער ערשטער מינוט אביסל געקווענקלט:

— ס'איז ניט א שאָד, איטשע?

זי האָט אָבער געבראכט א מעסער אונ דער פעטער איטשע האָט באלד איבערגעשפּאָלטנ דעמ עפל אפ צוויי גלײַכע העלפטנ..

*

אינ יענער נאכט איז א פּאָלק קאוואלעריע דורכגעגאנגענ די שטאָט אינ מאַרש צומ פּוילישנ פראָנט.

עס האָט געגאָסן א פּליוכ רעגן. בערעס עסקאדראָן האָט זיכ קוים באוועגט אינ דער פינצטער איבערנ דאלהינעווער טראקט, פינף קילאָמעטער פונ שטאָט. לינקס פונעם טראקט האָט זיכ גע־ריסנ דער הימל אינ עלעקטרישע פלעקנ פונ די טויזנטער שטאָ־טישע לאמטערנעס.

בערע איז געזעסנ אפנ פערד ארײַנגערוקט דעם קאָפּ אינעם נאסנ קאָלנער אונ פונ אונטנ ארופּ געקוקט אפ די שײַנענדיקע בויגנס פונ שטאָט. עס האָט זיכ נאָר געהערט דאָס כליופּען פונ פּאָדקעוועס אינ דער ווארעמער בלאָטע, דער טיפער כראָפּען פונ פערד, אונ א גוטבאקאנטער באריטאָנ האָט פונ דער רעכטער זײַט געגומען אויספרעגנ שטילערהייט:

— בערקא!

— א שטאָ?

— ספּיש?

— ניע...

אונ אינ א ווײַלע ארום נאָכ שטילער:

— א פּאָטשעמו?

בערע האָט עפּעס א בורטשע געטאָנ אונטערנ נאסנ וואָנצ, אונ ווײַל ער איז געווענ אנ אײַזערנער שווײַגער, האָט ער ניט אויסגעזאָגט, אז אינ אָט דער פּארבײַפּאָרנדיקער שטאָט איז ער געבאָרנ געוואָרנ אונ דאָ וווינענ זײַנע עלטערנ, ווענען ער האָט מיט עטלעכע טעג צוריק איבערגעשיקט פונ סמאָלענסקער וואָק־זאל א גערוס אונ א גרויסנ ווינטערדיקנ עפּל, א ראפּע...

---

## 3

# אויסערגעוויינלעכע פּאַסירונגען מיט בערען אונטערוועגנס

דער קאָרפּוס האָט זיכ געטראָגנ אפּ נאַסע פּערד.

דער קאָרפּוס האָט זיכ געטראָגנ מיט אָפּגעסמאַליעטע טשופּ־רינעס, מיט דורכגערויכערטע שינעלנ.

א גאַנצע נאַכט איז געגאַנגענ קאַוואַליעריע דורכ דעם גראָד־נער וואַלד. ווו נאָר א קליינ בערגל האָבנ זיכ באַוועגט אפּנ הוילנ האָריזאָנט סילועטנ פונ קליינע ראַזיעזדנ אינ שפּיציקע שלעמענ, מיט פאַרגליווערטע באַגנעטנ אפּנ אויסגעשטערנטנ הימל.

גראָדנע איז געפאַלנ.

איבער די פאַרגעפּלטע בעריאָזעווע שליאַכנ האָבנ זיכ גע־שלעפּט רעשטלעכ פונ צעקלאַפּטע פּוילישע אָבאָזנ. סיווע פוּיע־רימ זיינענ געשטאַנענ בא די אָפּגעברענטע כאַטעס, געצויגנ פונ די ליולקעס אונ מיט א מוטנעמ שלעפעריקנ לאַנגווייל בא־טראַכט די צערודערונג פונ דער וועלט.

די „רייטנדיקע פּיעכאָטע” האָט געשפּאַרט פונ אומעטומ; פונ אהינטער יעדנ וועלדל האָט זי פּלוצלונג אַרויסגעריטנ, געפּלויגנ

דורך די שטעטלעך, פאַרסירט טײַכן און שטענדיק ארומגעכאפּט, קימאט ווי מיט די הוילע שווערדן, דעם לינקן פלאנג פון סוינע.

די אומעטיקע שטיק ערד פון דווינע ביז צום ווײַסל, די וועלדער, די זומפּן און טײַכן זײַנען פלוצלונג באלויכטן געוואָרן מיט א קאלטן גלאנץ פון די פינף טויזנט סאבליעס פון קאָרפּוס.

עס האָט געלעבט די געגנט בלויז מיט די טויזנטער סאָלדאטן, אווטאָמאָבילן, לאנגע פאמעלעכדיקע אָבאָזן, וואָס זײַנען ארויס־געקראָכן ווי פון אונטער דער ערד.

סיוועע פוּיערים האָבן מיט א מוטנעם שלעפעריקן לאנגווײַל געטערכעט בא די אָפּגעברענטע כאטעס און געטראכט וועגן דעם אומגעקומענעם ווארעמן הינטערן אויוון.

דער נ־ער פּאָלק איז געשטאנען אהינטער ביאלעסטאָק. ער־געץ, ניט ווײַט פון א שטעטל, בא א שטיל וואָקזאלכל, האָט אָפּ־גערוט בערעס עסקאדראָן.

*

ווער ווייס צוליב וואָס בערע האָט עס דעמלט געדארפט ארומכאפּן זיך אין שטעטל?

קען זײַן, שולדיק איז אין דעם פאל פּאַרשניעוו, וואָס איז געווען א ווילדער רויכערער און ער האָט געמיינט, אז בערע וועט אים קריגן טאבעק אין שטעטל. נאָר אז דער עסקאדראָן האָט באוויזן אָפּצוטרעטן אין אָרדענונג (פּאַרשניעוו האָט אפילע אוועקגעפירט בערעס פערד), ווען דאָס שטעטל איז ארײַנגעפאלן צום סוינע, קען מען זען שוין פון דעם, וואָס דער זעלביקער עסקאדראָן איז שפּעטער באלוינט געוואָרן פאר אן אטאקע אף פּוילישער פּיעכאָטע ערגעץ הינטער לאָמושע.

בערע איז דעמלט אומזיסט און אומנישט ארײַנגעפאלן צו די פּאָליאקן און אף אזא מאָדנעם אופן, אז ער האָט עס אפילע ניט באמערקט.

אינ שטעטל איז ער אוועק מיט דעם בעריאָזעוונ טראקט, געגאנגענ איז ער פריילעכ, שיר ניט מיט א געזאנג. דאָרטנ אינ שטעטל האָט ער זיכ ארומגעדרייט איבערנ מארק, דורכגעגאנגענ אלע קראָמענ אונ פארנאכט האָט ער באשלאָסנ ארויסגיינ אָפּ־גאָלנ זיכ צום שערער.

דער שערער פונ שטעטל איז געווענ א טויבער. דער שע־רער פונ שטעטל האָט אימ טויבערהייט אינ דער האלבפינצטער־ניש געשאָרנ, געגאָלט, געפארעט אימ אפילע מיט הייסע טיכער.

דער שערער איז געווענ א טויבער אונ ניט געהערט, ווי די צייט גייט.

נאָכדעמ, אז בערע איז פונ אימ ארויס, האָט ער שוינ גע־פונענ דאָס שטעטל א פארהאקטע אפ אלע זאוואלעס, א געפאלענע אינ טיפער כאלאָשעס.

אינ דער גרויסער שטילקייט איז דאָס שטעטל געלעגנ פאר־קראָכנ טיפ אינ זיכ אונ ארויסגעשטעלט עפעס א ביסל צו גרוי־סע שטיבער צום דרויסנ.

אפ דעמ שמאָלנ געסל פונ וואָקזאל איז געפלויגנ א קליינער פוילישער ראזיעזד.

דעמלט האָט זיכ בערע אראָפּגעדרייט פונ די ליידיקע, זיי־טיקע געסלעכ; ער איז דעמלט אוועק פונ שטוב צו שטוב אונ געקלאפט אינ די פארהאקטע טירנ; געמיינט האָט ער, אז מע וועט אימ עפענענ.

בא א ראָג געסל האָט ער פלוצלונג דייטלעכ דערהערט א לאנגזאמנ טופענ פונ געדיכטע רייענ פּאָדקעוועס. דער סוינע איז הייסט עס, טאקע דאָ נאָענט לעבנ־אימ.

פונ אימפעט וועגנ האָט ער געפרווט אנ עפנ טאָנ דאָס טירל פונ אדערבייַיקנ טויער, האָט זיכ דאָס טירל דאָססמאָל גראָד גע־עפנט אונ ער איז געבליבנ שטיינ אינ א הויפ.

# דער בעקער

דאָ האָט געוווינט א בעקער. אדורכ דעמ קליינעמ בלעכיקנ פענצטערל איז געווענ צו זענ, ווי עס בלעטערט זיכ א פײַער אינ אויוונ, ווי א פּיצל ייִד, אינ איינ העמד, בייגט זיכ אונ רוקט לאָפּעטעס אינ אויוונ.

אז דער בעקער איז געווענ א ייִד מיט א ווײַטנ קוק האָט מענ געקענט ארויסזענ שוינ אינ דער ערשטער מינוט. דאָס האָט מענ געקענט ארויסזענ פונ דעמ, ווי ער האָט באלד געהייסנ די ווײַבער אינ שטוב (א ווײַב מיט א טאָכטער) שווײַגנ, צוגעלייגט דעמ פינגער צומ מויל, אונ בערענ האָט ער אָנגענומענ באמ ארבל, ארויס מיט אימ אדורכנ פירהויז אינ טונקעלנ שטאל ארײַנ.

— באָכער, — האָט ער געזאָגט, — אז מע וועט דיכ נעמענ פונ דאנענ, ווייס איכ ניט פונ וואָס צו זאָגנ.

בערע האָט זיכ, אלזאָ, דעמלט פארקליבנ אינ א שטאל.

אינדערפינצטער האָט ער דערשמעקט דעמ גערוכ פונ הינער אפ א סידעליע, נאָכדעמ, אז די אויגנ האָבנ זיכ צוגעוווינט, האָט ער זיי אויכ דערזענ צונויפגעטוליעטע אפ א דראָנג אינ א ווינקל שטאל. ברעקלעכ קוילעס האָבנ זיכ געשאָטנ פונ די פארשלאָפענע אויפעס, ווי זיי וואָלטנ דאָ רײדנ אפ א הינערשנ אויפנ פּרט שלאָפ.

ארומ אונ ארומ איז געווענ טוכלע אונ פינצטער.

באנאכט איז דעמ בעקערס מיידל ארײַנ אינ שטאל:

— באָכער, נאט אײַכ ברויט!

אפ מאָרגנ האָט זי אימ ארײַנגעטראָגנ א טעפל זופ, וואָס ער האָט אָפּגעגעסנ מיט דאנק, אונ געזעצט זיכ באלד וואַרטנ אפ מיטעק.

דער עלנטער בערע האָט געלעבט אליינ מיט די אלטע בער

ווענעס אין די ווענט און מיט די ראבע הינער, וואָס האָבן אים געפיקט אין די שטיוול. ליגנדיק אין שטאל אפן בויך, האָט ער געצויגן די הערלעך פון וואַנץ, אלץ אָפטער זיך דערמאָנט אָן פּאָרשניעוון, דעם פרייליכן יונגן, וואָס איז אים געריטן בא דער רעכטער זייט.

— בערקא טי ספּיש?

אזוי איז בערע דעמלט ערגעץ געלעגן אין א שטאל און געבענקט.

... א יעסנדיקע נאכט אין פעלד. א שלאקטועגן גיסט פון די נידעריקע כמארעס. די נאסע פערד שטייען אין דער פינצטער. ארום א קליינעם פייער זיצט דער גאנצער ווזוואָד: קריוואָשייעוו, פּאָרשניעוו, פימראָסיאַן, אנדריי און נאָך און נאָך... אין זשאר באקן זיך קארטאָפל פארן ווזוואָד. דערנאָך האָט פּאָרשניעוו געזונגען אין דער נאכט. אלע זיינען געזעסן ארום אים, ווי אין א טייך, און דער רעגן האָט געגאָסן פון די ארבל, פון די וואַנצן, פון די פאטלעס האָר.

אזוי איז בערע דעמלט געלעגן אין א שטאל און געבענקט.

אָוונט־צו האָט זיך דאָס בעקערל געפּאָרעט אין הויף. ער האָט באטאפּט די זאוואלעס, די שלעסער, געהאקט מיט די לאָדן. אין שטאל איז נאָך דער קלאפּעריי געדיכטער געוואָרן די טונקלע שוויַיגעניש, געמישט מיט די ברעקלעך הינערשע שטימעס אפּ דער סידעליע.

שפּעט באנאכט איז דאָס צעכראסטעטע בעקערל — קענטיק ערשט פון לעבן אויוון — אריינגעלאָפן אין שטאל מיט א בינטל בגאָדים אונטערן אָרעם:

— נא, טו אָן, באָכער, און קום אין שטוב אריַין...

שפּעטער צו, איז בערע שוין געזעסן באם ליכטיקן טיש אין א קורצער אָפּגעקראָכענער קורטקע און אפן קאָפּ האָט ער גע־

האט א ריפּטנ שאבעסדיק היטל, וואָס פײַנע באלעבאטימ טראָגנ אינ בעסמעדרעש.

דער פײַער אינ אויוונ האָט געוואָרפנ א גאָלדענע שײַנ אפּ א האלבער שטוב, אונ דאָס פיצל בעקערל איז שוינ צוריק גע־שטאנענ צווישנ די לאָפּעטעס, גערוקט שטעקנס אינ פײַער אונ ארויסגעשלעפּט פונ דער היצ לאנגע ברעטלעכ געבעקס:

— באָכער, קײַ בייגל!

בערע האָט געקײַט פונ דער קופּע הייסע, ברוינע בייגל אונ געוואָרפנ פונ צײַט צו צײַט א פארגלײַזטנ קוק אפּ דעמ בעקערס מיידל באמ טיש, וואָס האָט צו אימ אריבערגעשמעקט מיט טשער־נעשקע.

— באָכער, זײַ ווי בא זיכ אינדערהיימ...

— באָכער, נעמ א גלעזל טיי...

אונ דערנאָכ האָט ער זיכ געווענדעט צו דער טאָכטער:

— לייטשע, אלעמײַ לייענסטו ניט ס׳ביכל?

לייטשע האָט דעמלט ארויפגעלאָזט די אויגנ צומ ביכל.

דער פײַער האָט געפאָרפלט אינ אויוונ. שמוציקע רינעלעכ שוייס האָבנ ארויפגערונענ פונעמ בעקערס שווארצנ בערדעלע אפּ דער צעכראסטעטער ברוסט; די שטעקנס אונ לאָפּעטעס זײַנענ געפלויגנ אהינ אונ צוריק, אונ איבער אלעמענ האָט געקנאקט זײַנ דינ קעלעכל, געכליפּעט אונ געזיפצט איבער די צעראבירטע קראָמענ אינ מארק, איבער דער איידע יידנ, וואָס זײַנענ בעדי־לאדאל געוואָרנ פונ די לעצטע פּאָליאקנ.

עס זיפצט דאָס בעקערל.

ווארפנדיק אָבער אנ אויג אפּ בערענ, פּארקערעווט דאָס זיסע קעלעכל פלוצלונג אינ א זײַט; ער וויל, נעמלעכ, ארויס־באקומענ, צי איז ניט אמאָל דער באָכער א באוויײַבטער, צי איז ניט אמאָל ארויסגעוואָרפנ די גאנצע טירכע.

בערע זופט די הייסע גלעזלעך טיי, קוקט אין ספאָדיק און שווייגט, ווי ס'איז דער שטייגער פון זעלמעניאַנער.

טוט דאָס בעקערל א זעץ אריין אין אויוון א שטעקן מיט בייגל:

— וואָס איז דער אָפּהאַלט? א טאַטע מאַמע האָט מען דאָך מיסטאָמע? און א שטיקל „מאַיאָמאָשטש" האָט מען דאָך מיסטאָמע אויך? נו, און א שייטל איוורע אָפּזאָגן קען מען דאָך מיסטאָמע? און אין די קלאַסן איז מען דאָך מיסטאָמע ניט געגאַנגען, וואָס — ניין?

בערע שאָקלט מיט דעם קאָפּ.

— אָבער א שטיקל מעלאָכע אין האַנט האָט מען דאָך מיס־טאָמע? קענסטו מיר ניט זאָגן, באָכער, וואָס דו טוסט?

— איך בין א גאַרבער.

— א גאַרבער גאָר?... נו, איז וואָס איז דאָ דער אָפּהאַלט? האָט מען דאָך אָפּגעשפּאָרטע עטלעכע קערבלעך מיסטאָמע? און מע איז דאָך מיסטאָמע באַקליידט און באַגייט אויך? נו, און אז דער אויבערשטער העלפט, מע ווערט קומען פון די מילכאָמעס געזונטערהייט, פּאַרווייקט מען אליין א פעלכל און מע ווערט א באַלעבאָס פאַר זיך. ניין? נו, איז וואָס איז דאָ דער אָפּהאַלט? ווי אַלט ביסטו, אונדז אַלעמען צו לענגערע יאָר?

— צוויי־און־דרייסיק.

— צוויי־און־דרייסיק? — האָט געכאַפּט דאָס בעקערל א לאָפּעטע און אריינגעוואָרפן אין אויוון, — נו, איז מען דאָך אין די רעכטע יאָרן, אין סאַמע בלי! מיין לייטשע איז פּונקט מיט א יאָר צען יינגער פאַר דיר. שעם זיך, באָכער, שעם זיך, איך אין דיינע יאָרן האָב שוין לאַנג כאַסענע געהאַט...

פונדעסטוועגן איז נאָך בערע יענע נאַכט געגאַנגען שלאָפן אין

שטאל (א באלאָנעס פון א מענטשן צו האלטן דעם איידעם זײַנעם אין שטאל!).

אינדערפרי האָט מען אים ווידער ארײַנגערופן אפּ א גלעזל טיי.

די שוויגער איז געווען אָנגעטאָן אין א נײַער פּאטשיילע. בערע באם סאמאָוואר, לייטשע—פון דער אנדער זײַט, נאָר פאר־שטאָפּט זײַנען פונקט דעמלט געווען ביידנס געדאנקען. לייטשע האָט געשמאכט, געדארפט האָט זי עפּעס זאָגן צו בערען און ניט געוווּסט וואָס.

דעמלט איז דאָס פארשלאָפענע בעקערל מיט דעם צעפּודלטן בערדעלע ארײַנגעשפּרונגען פון הינטערן אויוון. אונטערהאלטנדיק די גאטיעס מיט דער האנט, האָט ער געטענצלט איבערן שטוב און געטײַנעט:

— וואָס איז עס פאר א וועלט? עס זיצן א באָכער מיט א מיידל, יונגע קינדער, טוט מען אמאָל א לאך, א שטיפּ, ווי עס פירט זיך דאָרטן... כ'וויים, באלײַטן זיצט מען און מע לושטשעט סיעמעטשקעס, מע קושט זיך אפילע...

ער האָט אופגעהויבן דאָס פאָרהענגל פון פענצטער און ארויסגעקוקט אינדרויסן:

— און פארוואָס טאקע ניט ארויסגיין שפּאצירן? א שיינער טאָג. מע זעצט זיך אוועק אפן גראָז, אביסל רעדט מען פון די ביכלעך—וועגן פייגעלעך, וועגן קאראסקעלעך, דערנאָך רעדט מען דאָרטן... וועגן ליבע־שמיבע, יונגע קינדער!..

באטאָג זײַנען בערע מיט לייטשען ארויס אהינטערן שטאָט. פון לייטשען האָט געשמעקט מיט זייף, געגאנגען איז הארט נעבן באָכער מיט ברענענדיקע באקן און געשפּונען ארום אים די נעצן פון ליבע: ארום און ארום האָט זיך די ראָזע לופט געגאָסן

אַף דעם זאַמדיקן וועג, באַרג־אַראָפּ און אַף דעם גרינס פֿון די פֿעלדער.

אַף אַ הילצערנעם בריקל איבער אַ טײַכל, אָנגעשפּאַרט אָן דעם בערעזעווער פּאַרענטשל, זײַנען זיי נאָכדעם לאַנג געשטאַנען און געקוקט אין וואַסער אַרײַן. דעמלט האָט לײטשע אַרויסגענומען פֿון קעשענע אַ הויפֿן סיעמעטשקעס:

— געניסט,—האָט זי געזאָגט,—געניסט!

ער האָט אַ גוטן שמייכל געטאָן, אופֿגעהויבן די רויִקע זעלמעניאַשע אויגן און ערשט איצט דערזען לײַקע אַ שטאַרק נאָענטע. עס איז געווען אָנהייב זומער. ער האָט קאַלטבלוטיק גענומען לושטשען די סיעמעטשקעס, ווי זעלמעניאַנער טוען אין אַזעלכע פֿאַלן. ער האָט געפֿרעגט:

— ווייסט איר ניט, וווהין גייט אָט דער וועג?

— קיין וואָלקאָווישק.

— און פֿון וואָלקאָווישק?

— קיין סלאָנים.

— און פֿון סלאָנים?

— קיין לידע.

— ס'איז דער וועג אַף ווילנע, וואָס?

— אַף ווילנע.

ער האָט זיך פֿאַרטראַכט און אַראָפּגעקוקט צום טײַכל. דאָס וואַסער איז געווען העל ביז צום גרונט. אַ זילבערנע פּלאָטשע איז געשטאַנען רויִק אינעם קלאָרן וואַסער, אַף איין אָרט, ווי אַ צוגעשמידטע.

לײטשע האָט געפֿרעגט:

— איר האָט אַמאָל געשפּילט אַ ליבע?

— ניין.

— טאָ שפּילט איצטער...

זי האָט עס אָפּגעזאָגט מאָרגנע שטיל, מיט אַן אײמע פאַר די אײגענע װערטער, און ער האָט אױף איר פּלוצלונג אַ קוק געטאָן פון אַ זײַט מיט אַ שטום אָנגעגאָסן אױג.

— נו?

— װאָס? — האָט ער געפרעגט הױך.

— פאַרװאָס קושט איר זיך ניט?

*

אײנאָװנט זײַנען זײ אַרײַן צוריק אין שטעטל. זי איז געגאַנגען אָנגעלענט אױף זײַן אָרעם, װי אַ װײַבל נאָך דער חתונה. דעמאָלט האָט איר בערע געזאָגט:

— הײַנט באַנאַכט גײ איך אַװעק.

— װאָס?

— הײַנט באַנאַכט, — האָט בערע געזאָגט, — גײ איך אַװעק.

די זון איז פאַרגאַנגען. די זון האָט באַגולדן די שפּיצן פון די פאַרקאַנעס און די קלײנע שײַבלעך פון די שטיבער. ערגעץ־װו, אין אַ באַלעבאַטישער שטוב, האָט מען שױן אָנגעצונדן אַ לאָמפּ. דאָס בעקערל ראובן (מען האָט אים גערופן רױון) איז געשטאַנען באַם טױער און אומגעדולדיק געצופּט דאָס בערדל.

ער האָט געטראַכט װעגן ליבע־שמיבע.

און אַז די יונגע פּאָר האָט זיך נאָכדעם באַװיזן אין געסל, איז ער זײ אַרױסגעשפּרונגען אַנטקעגן, געשמײכלט מיט דעם ערנסטן נעבעך־פּענעמל און באַלד גענומען אױספאָרשן:

— געגולײַעט, הא?

*

שפּעט באַנאַכט, אײדער בערע איז אַרױס פון שטעטל, איז באַם בעקער אין שטוב אָנגעגאַנגען אַ שאַרפע קריג.

דער בעקער האָט געטײַנעט, אז בערע האָט אים פראָסט־פּאָשעט בעדי־להאדאל געשטעלט אונ ער האָט גערופנ דעם יאָונג צו מענטשנ. שכײנים האָבנ זיכ ארײַנגעמישט אונ קוים ארויסגעראטעוועט דעם עלנטנ שטומורע פונ זײַנע הענט, וואָרום ווי מע ניט איבער האָט זיכ דאָס בעקערל אפילע גערוקט צו אים שלאָגנ.

— זאָל זי זאָגנ,—האָט געשריִענ רוונ,—לייטשע. רייד דו!—נאָר לייטשע איז פלוצלונג אויסגערונענ פונ שטוב אונ, אזוי ארום, האָט זי ניט געקאָנט איבערגעבנ פאר מענטשנ, וויִאזוי בערע איז צו איר צוגעשטאנענ. דער בעקער האָט דעמלט געפאָדערט, מע זאָל לעכאָלאפּאָכעס אויספרעג זײַנ ווײַב, אונ געמיינט האָט ער, אז וויבאלד זי איז א פרויענצימער וועט זי אויכ קאָנענ אָפּמאָלנ די זאכ. פארשטייט זיכ, אז אינ אזוינע זאכנ האָט שוינ די אלטע ניט געקענט זאָגנ עפּעס אזוינס, וואָס זאָל האָבנ א האפּט.

בערע האָט טיפ אָפּגעטעמט ערשט אפ יענער זײַט שטעטל. ער האָט ארונטערגענומענ דאָס היטל, דאָס ריפּסענע היטל, אונ זיכ אָפּגעווישט מיטנ ארבל דעם שווייס, ווי נאָכ א שרעקלעכער הייסער שלאכט.

*

א גרויסע, שווארצע נאכט.

וואסערנ האָבנ געשוועקט ערגעצ קליינע שטיינדלעכ באמ וועג. ווארעמע ווינטנ האָבנ זיכ געבראָכנ אינ די צווײַגנ. די ערד האָט געטעמט ברייט אונ געשמעקט האָט אפילע דער זאמד, דער פײַכטער זאמד פונ טראקט.

א ריר פונ א שווערער צווײַג האָט זיכ אָפּגערופנ אפ די פעלדער מיט א קרעכצ.

בערע איז געגאנגענ מיטנ וועג, געשטעלט די פיס טיפ אינ

זאמד. פון דער פינצטערניש האָבן זיך אויסגעטיילט געדיכטערע פינצ־טערנישן פון פלענקענער, קוסטעס,ביימער. רעכטס, פאזע טראקט, איז געשטאַנען א דעמב, ווי אָנגעשריבן מיט טינט אפן הימל, א דעמב, ווי א שווארצער שאָטן פון זיך אליין. נעבן אים, שוין אפן וועג, האָט געגליווערט עפעס א געשטאַלט.

בערע איז צוגעגאַנגען און דערקענט זי:

— לייטשע.

זי איז געשטאַנען פארוויקלט אין א פאטשיילע, א פאר־שטאַרטע און שווייַגנדיקע. זי האָט ארויסגענומען א טאָרבע בייגל פון אונטערן פאטשיילע:

— בערע, נא דיר בייגל אפן וועג...

און בערע איז אוועק.

דער גאָסטיניעץ האָט אים אַרייַנגעגאָסן אין דער נאָענטער געדיכטער פינצטערניש.

---

# 4

## ווײַטערדיקע אויסערגעוויינלעכע פּאַסירונגען מיט בערען אונטערוועגנס אהיים

ווען בערעס צוריקער אהיים איז שוין גאָרניט אזוי לײַכט ארויסצובאַקומען פון עמעצן א וואָרט. דאָס איז פארבליבן א פּוסט אָרט אין זײַן לעבן. די זעלמעניאַנער, ווי באַוווּסט, ריידן ניט צווישן זיך און אז מע כאַפּט ערגעץ א ייִדיע, איז עס שוין אזוי גוט ווי פון דער צענטער האַנט.

בערע גופא שווײַגט.

אז ער איז אָבער דעמלט אוועק מיטן גאַסטינעץ אף גראָדנע, און פון דאָרטן — דורך ווילנע, דורך מאָלאָדעטשנע, דורך ראַדאָשקעוויטש פארקערעוועט אף מינסק, דאָס איז באַוווּסט פון די פּאַפּירן, וואָס ער האָט צוגעשטעלט אין דער מיליציע, ווען ער האָט זיך געקליבן ווערן א מיליציאָנער. אף דעם איז פאראַן, אזוי צו זאָגן, א דאָקומענט, א שטיקל פּאַפּיר, וואָס צאָלקע דעם פעטער יודעס, נישטערנדיק נאָך אַלטע שיימעס, האָט אויסגעפונען שוין נאָך דעם פעטער זישעס טויט, פארשטעקט הינטער איינעם פון זײַנע אייביק-גייענדיקע זייגערס.

צאַלקע דעם פּעטער יודעס, וואָס פון די נײַע געלערנטע! ער זוכט אַלטע ייִדישע ספּאָרעמלעך.

זעט מען אַמאָל עמעצן הענגען באַ דער פּאָליצע נעבן סטעליע, ווו עס פּרוכנען די טכינעס, איז עס צאַלקע דעם פּעטער יודעס. אָפּ דעם דאָזיקן שלימאַזל זאָגט מען אין הויף:

— נו יע, ער האָט געוואָלט שפּײַען אינדערהויך און זיך אָנגעשפּיגן אַ פול פּאָנעם!

אַז צאַלקע דעם פּעטער יודעס האָט דעמלט אַרויסגעשלעפּט דאָס פּאַפּירל פון הינטערן זייגער, איז ער אוועקגעלאָפן מיט דער מעציִע צו זיך, ווי אַ הונט פליט אַוועק מיט אַ ביין הינטערן פּאַרקן, אָפּגעזעסן איבער דעם ביז באַגינען און סאָפּקאָלסאָפּ איבערגעלייענט די קאָטשערעס מיט די פּאָמעלעך.

אָט וואָס בערע האָט געשריבן אינעם פּאַפּירל:

... אין שטאַל. אַז דער בעקער האָט דערפאַר געוואָלט איך זאָל כאַסענע האָבן, האָב איך זיך מיט אים געקריגט אַ גאַנצע נאַכט. אַזוי בין איך באַנאַכט אַוועק קײַן קריניצע. פון קריניצע בין איך געגאַנגען אַ גאַנצן טאָג קיין בוטשאַטש. פון בוטשאַטש בין איך געגאַנגען קײַן נאָזעראָווע. פון נאָזעראָווע בין איך גאַגאַנגען קײַן דיאַטלע. פון דיאַטלע בין איך געגאַנגען קײַן היידוטיטשאָק. פון היידוטיטשאָק בין איך געגאַנגען אין דאָרף, וואָס הייסט דראָזדאָווע. פון דראָזדאָווע בין איך געגאַנגען קיין ביסטריטש. פון ביסטריטש בין איך גאַגאַנגען קײַן זשיוויע. פון איוויע בין איך איך געגאַנגען קײַן סאַקאָלקע. אין סאַקאָלקע בין איך אַרײַן צו דער מאַמעס פּעטער, וועלכער וווינט אָפּ דער גרעסטער גאַס און וועלכער האַנדלט מיט פערד. אַזוי האָב איך אַלץ געגעסן בייגל, וואָס דעם בעקערס מיידל לייטשע

האָט מיר מיטגעגעבן, נאָר אין דראָזדאָווע באנאכט האָב איך אופגעגעסן דעם לעצטן בייגל. אזוי בין איך אריַין צו דער מאמעס פעטער, ער זאָל מיר געבן אָפּעסן אבי־וואָס, נאָר ער האָט מיך ארויסגעטריבן, וואָס איך טראכט גאָרנישט וועגן אים, ווײַל ער איז א מענטש—א קולאַק אין זײַן אופירונג. פון סאקאָלקע בין איך געגאנגען קײַן ראדאָם. פון ראדאָם בין איך געגאנגען קײַן פּילנעווע. פון פּילנעווע בין איך געגאנגען זייער הונגעריק ביז איך בין געקומען צו א פעלד און א פּויער האָט דאָרטן געאקערט, האָט ער מיר געגעבן ברויט און א גרויסן שטיק כאזער, און ער האָט מיר אָנגעוויזן דעם טײַך, ווהין איך קען זיך גיין אָנטרינקען. פון פּילנעווע בין איך ארויס זייער א זאטער קײַן זשעטל. פון זשעטל בין איך געגאנגען קײַן דאמיר. פון דאמיר בין איך אוועק אין דער גרויסער שטאָט גראָדנע. אין דער שטאָט גראָדנע האָב איך געהאקט האָלץ צוויי טעג אפּ א הויף און בין אוועקגעגאנגען קײַן נאווארעדאָק. פון נאווארעדאָק בין איך געגאנגען קײַן ווארנאָווע. פון ווארנאָווע בין איך געגאנגען קײַן לאנדווארָווע. דאָרטן איז געווען א גרויסער רעגן. פון לאנדווארָווע בין איך געגאנגען און דערזען פונדערווײַטנס די שטאָט ווילנע. און אז איך האָב געפרעגט בא א געלן ייִנגל, וואָס האָט געפירט א וואָגן ציגל: צו וועמען געהערט די שטאָט?—און אז ער האָט מיר געענטפערט, אז די שטאָט געהערט צו די ווײַסע, האָט מיר אָנגענומען א גרויסער קאס, וואָס איז ניט צו באשרײַבן, און איך בין דורכגע־גאנגען די שטאָט און מיט קיינעם ניט ארויסגערעדט קיין וואָרט, כאָטש איך בין געווען זייער הונגעריק. און איך בין געקומען קיין ווילייקע (פאראנען צוויי ווילייקעס—דאָס

איז די ווילייקע פון די מעשוגויִם). פון ווילייקע בין איך געגאנגען מיט דעם שווארצן גאָסטיניעץ קײן קענע. פון קענע בין איך געגאנגען קײן גודאָגײַ. פון גודאָגײַ בין איך געגאנגען קײן סאָל. פון סאָל בין איך געגאנגען קײן אָשמע... (פארמעקט)... געגאנגען... סמארגאָן. פון סמארגאָן בין איך געגאנגען קיין מיכנעוויטש. דאָרטן אין דאָרט האָב איך דיך געטראָפן און דו ווייסט, אז מיר זײַנען אוועק אפ זאשקעוויטש. פון זאשקעוויטש זײַנען מיר געגאנגען קײן פערעוואָז. פון פערעוואָז זײַנען מיר געגאנגען קײן לאָהאוויע. און דו האָסט מיר דערציילט, ווען מיר האָבן זיך געבאָרן אין ווילי‍ע, וויאזוי דו ביסט ארײַנגעפאלן צו די פּאָליאקן צוליב מײַן פערד, וואָס איז געבליבן צוגע־בונדן צום פארקן. אין לאָהאוויע האָבן מיר געטראָפן אונ־דזערע און מיך האָט דער וואָיענקאָם געשיקט קײן מאָלאָ־דעטשנע. פון מאָלאָדעטשנע געגא...

אָט דאָס איז אלץ.

צאלקע איז געזעסן נעכט נאָך נעכט און געפּאָרשט די זאך פונעם צעטעלע. נאָך א לאנגן שטודירן האָט ער פעסטגעשטעלט, אז די מומע מאלקעלע האָט גאָרניט קיין פעטער אין סאָקאָלקע, זי האָט איינעם א שטיקל קאָרעוו אין קאטערינאסלאוו, דעם פע־טער אָרע, איז ער אָבער ניט קיין פערד־הענדלער, נאָר א קאצעוו. באָכדעם האָט ער געפּאָרשט ווײַטער און אויסגעפונען, אז ניט אלע שטעטלעך געפינען זיך אפן זעלביקן אָרט, ווו בערע האָט זיי באשריבן אינעם פאפירל. דערנאָך האָט ער שוין גענומען פּאָרשן די זאך אין אן אנדער ריכטונג און געפונען אפילע פאר מעגלעך אָפּצולייקענען דאָס פאפירל גופע.

ער האָט אראָפּגענומען די ברילן פון נאָז, גוט אויסגעווישט די גלעזער און א זאָג געטאָן צו זיך:

— מיסטיפיקאציע, די פאקטן באשטעטיקן זיך ניט!

צאלעל דעם פעטער יורעס ווייס מען, אז ער האָט א שארפן קאָפּ. זאָל מען אים נאָר לאָזן, וועט ער אָפּלייקענען זיך אליין אויך.

דאָס פּאפּירל אָבער באשטעטיקט זיך יאָ. מע זעט עס שוין פון דעם, וואָס בערע איז טאקע דעמלט, אין א הייסן זומערדיקן טאָג, אָנגעקומען קיין מינסק.

ער האָט זיך אראָפּגעכאפּט אין הויף. ביים ער איז אריין אין שטוב, איז געוואָרן די גרויסע יעלאָלע. דער גאנצער הויף איז זיך צונויפגעלאָפן, אפילע דער פעטער זישע איז אויך אריין. בערע האָט זיך דעמלט אוועקגעזעצט, גענומען פאמעלעך אראָפּציען די שטיוול און א זאָג געטאָן צו דער מומע מאלקעלען:

— מאמע, גיב מיר עסן!

ער האָט זיך געזעצט מיט א ביטערן אימפעט רייבן די סודע און קוקן אפן באלקן. דער פעטער יודע האָט אויסגעשפּיגן און איז אוועקגעגאנגען. ביסלעכווייז האָבן זיך אלע ארויסגערוקט. בערע האָט אָפּגעגעסן, אָנגעטאָן די שטיוול און איז ווידער אוועק צו זיינע מילכאָמעס האלטן.

---

# 5

# די סאזשלקע

דעמלט האָט שוינ בערע געארבעט אינ דער מיליציע. ער איז צוריקגעקומענ פונ די פראָנטנ, ארופגעקראָכנ ווידעראמאָל אפ דעמ טאטנס הארטנ טאפטשאנ אונ פוילע כאדאָשימ אָפגעשלאָפנ אונ־טערנ אָפגעקראָכענעמ שינעל.

ער האָט פלוצלונג כאסענע געהאט מיט כייעלע דעמ פעטער יודעס, געבראכט איר אלע טאָג א פאָר עמער וואסער אפ א קאראָמעסל, אונ זי האָט אימ באלד ארומגעשטעלט מיט דעמ רויקנ לעבנ. כייעלע האָט טייקעפ, ווי זי האָט איינגעשאפט בערענ, זיכ אויכ איינגעשאפט א באלעבאטישקייט אונ א קאצ.

ער האָט, אלזאָ, געלעבט רויק.

דעמלט האָבנ זיכ אָנגעהויבנ טרייסלענ די גרונטנ פונעמ רעב־זעהויפ: עטלעכע יאָר האָט זיכ דער הויפ שטארק געקרישלט אונ געבראָכנ. בערע, ווי א פרעמדער, איז ארומגעגאנגענ דאָרטנ צווישנ דעמ אומעט, אונ גערוידעפט, נעבעכ, די זעלמעניאנער.

אונ וואָס איז פאר די עטלעכע יאָר געשענ אינעמ רעבזעהויפ?—

פאר די עטלעכע יאָר איז גאָרנישט ניט געשענ.

דער הויפ איז שוינ עפשער געווענ טויט. ער האָט שוינ אלײנ גאָרנישט אופגעטאָנ, געשלונגענ נאָר קלאנגענ פונ אומעטום, ווי לופט. אונ די קלאנגענ נאָכדעמ געגריזשעט אונ געקײַט, ווי א מענטש קײַט אָנ אפעטיט.

דעמ פעטער זישעס טויט איז טאקע, קענטיק, געווענ די לעצטע גרויסע געשעעניש. איצטער איז דער הויפ געלעגנ שטיל, ווי א געלעגער פונ א טײַכ, וואָס מע האָט פונ אימ אָפּגעפירט דעמ שטראָמ. עס איז גאָרנישט געשענ. דאָ איז נאָר דורכגעגאנגענ די רעוואָליוציע אונ פארבײַגײענדיק מיטגענומענ פונעמ רעבזעהויפ עטלעכע מענטשנ, וועלכע זי האָט באדארפט, דאָס איבעריקע איז געבליבנ ליגנ, ווי אנ אופגעבראָכענער פוסטער שאָלעכצ.

צו וואָט איז, אלזאָ, געגליכנ דער רעבזעהויפ?

דער רעבזעהויפ איז געגליכנ צו אנ אלטער סאזשלקע, וואָס אירע וואסערנ האָבנ איבערגעפוילט. גרינ איז צווישנ דעמ וואסער אונ די ארופהענגענדיקע צווײַגנ, וואסערדיק־קראנק איז די לופט, כאָטש א גאָלדענער קאראס טוט נאָכ ווענ א כליופ מיטנ קאָפ אינ בלאָטע אונ דעמלט טוט זיכ א קנײטש די גראָבע, גרינע הויט פונעמ וואסער.

*

אומזיסט זײַנענ זײ דעריבער, טאָנקע אונ פאלקע, אינ אנ אויסגעשטערנטנ, שארנ פארטאָג צוריקגעקומענ אהײמ פונ זײער ווײַטער שטאָט.

וואָס האָט זײ אינדערעמעסנ אָנגעטראָגנ אהער?

דער רעבזעהויפ האָט זײ באגעגנט טיפ אומעטיק: מיט א פארשטעקטער שויב, מיט א שטיקל צעבראָכענעמ דאכ אונ מיט א לײדיק פלעשל פונ קעראָסינ.

אינ יענעמ פארטאָג האָבנ די אָנגעלאָפענע שיליועס זיכ ארומגעדרײט איבערנ הויפ מיט גרויסע אויגנ אונ אלץ באוווּנדערט.

שווינגנדיקע און פרעמדע, מיט אָפּגעשליפֿטע פּענעמער פֿון ווינט, האָבן זיי געקוקט אַף די בערדיקע זעלמעניאַנער, ווי אַף רעשט־לעך פֿון אַן אַלטן שייוועט, און ווער ווייס, עפּשער איז דאָס רעכילעס, נאָר מען זאָגט, אַז טאָנקע האָט דעמלט פּלוצלונג אַ פֿרעג געטאָן:

— זעט, איר לעבט נאָך?

די זעלמעניאַנער, הייסט עס, דאַרפֿן שוין ניט לעבן אויך.

אין רעבזעהויף האָט געטליִעט אַ ווילדע נײַגעריקײַט. די בער־דיקע זעלמעניאַנער זײַנען אַרומגעגאַנגען אַף די שפּיץ־פֿינגער, און פֿון אונטער די ברעמען לאַנג געקוקט אַף די שיליועס, גע־וואַרט, אַז אָט נעמען זיי סאָפּקאָלסאָפּ אַרויס די שטיקער גאָלד און מאַטאָנעס פֿאַר די אָרעמע קרוייווים.

דערנאָך האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מען איז באָרעכאַשעם, הויל ווי אַ קאַטויל. נאָך מער, עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מען איז פּראָסט פּאָשעט אויסגעלאָסן, אַז יענער באַוווּסטער בריוו פֿון וולאַדיוואָסטאָק וועגן זייער אָפּשרײַבן זיך, איז אומישנע געווען אַ מין אָפּלאַכן פֿונדערווײַטנס איבער די טוכלע האַסאָגעס פֿונעם רעבזעהויף, וואָס טראַכט נאָר וועגן נאַכעס פֿון קינדער.

דער אופּטו, דערציילט מען, געהערט צו זישקעס מיידל; דער שטיק גאָרנישט פֿאַלקע האָט זיך אָבער אַזוי איבערגענומען מיט דער זאַך, אַז ער האָט נאָכדעם טאַקע אַף אַן עמעס געוואָלט צאָלן זישקעס טאָכטער אַלימענטן, ווען זי האָט געבוירן אַ קינד, יעדנפֿאַלס ניט פֿון אים.

— רעבוינעשעלוילעם, מע קען דאָך אויסגיין פֿון ריינעם האַרצ־ווייטעק!

אין יענעם אויסגעשטערנטן, שאַרן פֿאַרטאָג פֿון זייער צוריקקו־מען האָט טאָנקע דעם פֿעטער זישעס מיטגעבראַכט פֿון ווײַטן וועגן אַ פּיצל קינד, ווײַט ניט ענלעך צו אַ ייִדישן. פֿאַלקע — אַ

מאָגער פּאָנעם מיט דעם מוטנעם קוק פון א דערפארענעם מאנצ־ביל און אפן האנט אויסגעשטאָכן מיט א שווארצער נאָדל אן אנ־קער פון א שיף, ארומגעדרייט מיט א שלאנג, ווי בא אן ארעסטאנט.

דער דאָזיקער שטעמפּל בא פאלקען אפן האנט האָט ארויסגע־רופן איימעדיקע געדאנקען. טכילעס איז אופגעפאלן, אז דער יונג האָט געהארגעט א מענטשן. דערנאָך איז מען ווי עס איז דערגאנגען, אז ס׳איז א מאטראָסקע זאך. בייס מען האָט גע־פּרוווט געמוי דערוויסן זיך, וואָס הייטס עס אייגנטלעך, האָט מען אפן אָרט באקימען א קורצן ענטפער:

— ניט אייער זאך!

— מישט זיך ניט, אז מע בעט אייך ניט!

דער הויף האָט פון גרויס עלנט אופגעהערט צו ריידן. אזוי טוען זעלמעניאנער. דער הויף איז דעמלט איבערגעגאנגען צו שושקעריי, ד. ה., א מויל, וואָס האָט געלעכצט ארויסזאָגן זיך האָט געבראכט דאָס וואָרט פאר די ליפּן ערשט דעמלט, ווען ס׳האָט זיך אים אונטערגערוקט א האַריקער אויער. און ס׳איז גע־ווען טשיקאווע צו קוקן, ווי א האנט האָט איבער דעם גרויס אויער פארשטעלט דעם וויסטן סאָד וועגן זישקעס מיידל:

— פון קרישמע, פעטער, ווערט מען ניט טראָגעדיק!..

נאָך א פּאָר טעג פון רעכילעס און הארצ־קלעמעניש איז פאר דעם רעבזעהויף ענדגילטיק קלאָר געוואָרן: טאָנקע רויכערט פּאפּי־ראָסן, טרינקט בראָנפן און פלאָדזשעט מאמזיירים, און פאלקע— דער שטיק גאָרנישט האָט אויך אף זיין געשאָמע עפּעס א מיִעסע ליבע מיט איינער א קאָנדראטיעווע.

*

צאלקע דעם פעטער יודעס דרייט זיך ארום איבערן הויף און זוכט א געלעגנהייט אויסצופאָרשן די געשיכטע פון טאָנקעס קינד.

ער, וואָס איז שוין דאַר געוואָרן, ווי אַ ברעט, פון דער ליבע, גייט אַרום איבער די שטיבער און היט, עס זאָל ניט פאַלן קיין גוט וואָרט וועגן זײַן געליבטער; ער שײַעט זיך אַפילו ניט אָפּ־צוזיצן אַ גאַנצן אָוונט בײַ דער מומע גיטען און טאָטשען זי שטילערהייט:

— איר וועט זען, מומע, אַז פון אַזאַ וועט שוין גאָרנישט אַרויס!..

— צופיל איז זי פאַרקראָכן מיט די באָל־עוויקעס, איר וועט זען...

די מומע גיטע הערט אים ניט; זי זיצט און דאַוונט.

צאַלקע פירט זיך אויף ניט שיין בענעגייע טאָנקען. עפּשער דאַרף מען עס אים פאַרגעבן נאָר צוליב דעם, וואָס אין אָנהייב פרילינג האָט ער אַרויסגעריסן די שטיינער פון ברוק און פאַר־זעצט אַ בלומען־גערטנדל. מע ווייס צוליב וואָס. צי האָט ער ניט געמאַכט דאָס גערטנדל צום אָנדענק פון יענעם זומערדיקן טאָג, ווען ער איז געגאַנגען מיט טאָנקען באָדן זיך צום טײַכל?

אַ לאַנגן זומער איז צאַלעל אָפּגעזעסן אינעם גערטנדל אויף אַ נידעריקער באַנק, געזעסן און געקלערט, און פון די אַרומיקע פענצטער האָבן די זעלמעניאַנער געטײַטלט אויף אים מיט די פינגער.

— אָט זיצט ער, דער כּאָסערדייע, וואָס האָט זיך ניט געקענט ספּראַווען מיט זישקעס מיידל!

— אָט זיצט ער, דער יונג, וואָס האָט זיך איבערגעלערנט!

צאַלעל איז שטענדיק פאַרטאָן. ער גייט נאָך פאַלקען, דעם קלוימערשטן טאַטן פון טאָנקעס קינד, קוקט אים אין די אויגן אַרײַן און פרוווט אים האָווירן אין אַלץ. גאַנצע אָוונטן זיצט ער אָפּ בײַ דער מומע גיטען, זיצט אינעם רויך פון די אייגענע

פּאַפּיראָסן און וויגט דאָס פרעמדע וויגעלע, ווי אַ רעפּוע צו דער פאַרשפּילטער ליבע.

און אָט, אין אַ שטילער שאָ, שטייענדיק מיט פּאַלקען באַם פאַרנאַכטיקן פענצטער, האָט אים צאַלקע דעם פעטער יודעס סאָפּקאָלסאָפּ ארופגעפירט אפן ריכטיקן וועג. דעמלט האָבן זיי געהאט צווישן זיך אַ לאַנגן, האַרציקן שמועס. דעמלט, שטייענדיק באַם פענצטער, האָבן זיי מער געשטעמט, מער געשריבן מיט די פינגער אַף די שויבן, איידער גערעדט:

— און וועגן מיר האָט זי אַמאָל פאַרוואָרפן אַ וואָרט?

— ניין.

— קיינמאָל ניט?

— כ׳געדענק ניט.

— דערמאָן זיך.

—אַז כ׳האָב זיך גיט וואָס צו דערמאָנען.

דאָס איז געווען שפּעט אין האַרבסט. טעג—געדיכטע און גרויע, וואָס גיבן אָפּ מיט אַ טויבלעכן קלונג, ווי מע קלאַפּט אָן אין אַן אָנגעשפּאָלטענעם טאָפּ. די שײַבלעך פון די אויסגעווייקטע שטיבער האָבן מאַט אָפּגעשלאָגן די לעצטע בלוטיקע קאָלירן פון פאַרשווונדענעם זומער.

צאַלקע איז דעמלט אַוועק און אַוועק מיט די טומנע געסלעך אַף אַהינטערן שטאָט. ער איז פאַוע די מעזשעס געגאַנגען צום טײַך, ווו אַמאָל, סטאָפּ זומער, האָט זיך טאָנקע געבאָדן. צווישן די אָפּגעקראָכענע פעלדער, באַ דעם נעפּלדיק מאַטעווען טײַך, איז ער פּלוצלונג דערהויבן געוואָרן, אָנגעגאָסן זיך טרויעריק־פול און אופגעהויבן אַ האַנט צו די פלייצנדיקע וואַסערן:

— זײַט וויסן, איר, אַז כ׳בין פאַרליבט!

און די ווײַסלעך זײַנען באַ אים טונקעלער געוואָרן. אָבער אויך צווישן די נעפּלדיקע פעלדער איז ער נאָך געווען געננוג

אָפּגעהיט ניט צו דערמאָנענ טאָנקעס נאָמענ: ווער ווייס, צי סע וועט נאָכ ניט אויסקומענ אמאָל ארײַנצוזאָגנ א מיעס וואָרט וועגנ איר?

אונ דערנאָכ איז ער אינ דער פּוסטער שטוב פונ זײַנ מעשוגענעמ טאטנ אָפּגעלעגנ, א פארגעסענער פונ דער וועלט, היפּשע עטלעכע וואָכנ. קעגניבער, אינעמ גראָבנ שטויב פונ וואנט, האָט נאָכ געשטעקט דער גרויסער טשוועק אונ אינעמ שטויב איז געווענ בוילעט ארומגעצייכנט דאָס אָרט, ווו אמאָל איז געהאנגענ דעמ פעטער יודעס פידל. אפנ וואנט איז געהאנגענ דאָס פּוסטע אָרט פונ פידל.

צאלקע ליגט אונ זיפצעט. מאטע הארבסטיקע שײַנ האָט קוימ ארײַנגעקאפּעט אדורכ די פארלאָפענע שויבנ. ער האָט דעמלט מיט א הייזעריקנ כסידישנ קאָל געזונגענ א גאנצנ אָוונט לידער וועגנ ליבע, אזוינע לידער, וואָס ער לייענט ארויס בא היינע.

צאלעל דעמ פעטער יורעס איז, קענטיק, געווענ קראנק, געכליופעט אינ דער האלב טונקלעניש מיטנ קאָפּ אינ בלאָטע, ווי א גאָלדענער קאראס, אונ געפיבערט־געפיבערט.

פלוצלונג האָט ער זיכ אופגעהויבנ אינ בעט:

— צי מיינט זי ניט אמאָל, אז איכ בינ א פרעמדער עלעמענט?

די אויגנ זײַנענ אימ פאַרכט געוואָרנ, ער איז געזעסנ אינ דער הוילער העמד מיט די הענט ארומגענומענ די קני אונ געוויינט.

שפּעט באנאכט איז ער פונדעסטוועגנ ארויפ צומ פענצטער, אויב סע ברענט ניט בא דער מומענ גיטענ דער לאָמפּ מיטנ גרינעמ אבאזשור. דאָס איז טאָנקעס לאָמפּ. זיצט זי אינ שטוב, הענגט א גרינע שײַנ פונ לאָמפּ בא איר אפנ פענצטער: זי טראָגט דאָרטנ ארומ דאָס קינד איבערנ צימער, צי דער, שטייענדיק באמ טיש איבערגעבויגנ איבער פאנאנדערגעוויקלטע פאפירנ, ווירעט זי אונ שרײַבט קליינע ציפערלעכ.

בא טאָנקענ אינ די שויבנ איז געווענ פינצטער.

*

צו וואָס איז, אלזאָ, געגליכנ דער רעבזעהויפּ?

דער רעבזעהויפּ איז געגליכנ צו אנ אלטער סאזשלקע, וואָס אירע וואסערנ האָבנ איבערגעפוילט. גרינ איז צווישנ דעמ וואסער אונ די אראָפּהענגענדיקע צווייַגנ, וואסערדיק קראַנק איז די לופט, כאָטש א גאָלדענער קאראס טוט נאָך ווענ א כליופּ מיטנ קאָפּ אינ בלאָטע אונ דעמלט טוט זיך א קנייטש די גראָבע, גרינע הויט פונעמ וואסער.

---

6

# די פעטערס—
# פיר גרונט-זיַילנ פונעמ רעבזעהויפ

## פעטער זישע

געשטאָרבנ. ער באוויַזט זיכ נאָכ א מאָל אינ כאָלעמ צו דער מומע גיטענ, נאָר אויכ זי האלט פונדעסטוועגנ, אז פונ א לע־בעדיקנ איז ער גאנצ וויַט. דער פעטער זישע איז, לויט אלע סימאָנימ, געשטאָרבנ ענדגילטיק.

## פעטער יודע

דער פעטער יודע איז א פילי זאָפ, אונ ווי בא יעדנ פיליזאָפ איז דאָס טראכטנ בא אימ געקומענ פונ הארצוויַיטעק. די מומע העשע, וואָס ער האָט זי ליב געהאט ווי דאָס לעבנ, איז אימ פלוצלונג אומגעקומענ אונ פונ צעמישונג האָט ער שוינ געמוזט ווערנ גיט אנדערש, ווי א פיליזאָפ. נאָר וועגנ דער מומע העשענ איז שוינ גלייַכער ניט צו ריידנ, וואָרומ סאָפקאָלסאָפ איז זי אוועקגעפאלנ ניט מיט קיינ שייַנעמ טויט.

קלאָר, אז אָנגעהויבנ טראכטנ האָט דער פעטער יודע וועגנ דער האשגאָכע האָעליונע, ווי עס הייבנ אָנ אלע פילי זאָפנ.

עס האָט ניט לאַנג געדויערט, ביז ער האָט אַמאָל באַנאַכט, דאַר־
שענענדיק פונעם פעטער זישעס גאַניק, אַרויסגעשטעלט אַ פייג
צום הימל, וואָס עס האָט קעגן אים אויפגעשטעלט דעם גאַנצן
הויף. דערביי האָט ער זיך גלאַט אַרומגעקריגט מיט די זעלמע־
ניאַנער, געגאַנגען אין סטירדעס, ניט געוואָלט אָננעמען אפילו
די סאָוועטישע עלעקטרע און עס איז דערגאַנגען דערצו, אַז ער
איז אַמאָל אין אַ ווינטער־נאַכט אַוועק פון הויף, אַזוי גוט ווי
פאַרפאַלן געוואָרן.

אַזוי אַרום, האָט זיך פלוצלונג אָפּגעטאָן דאָס לעצטע ביסל
העכערע פאַרשטאַנד פונעם רעבזעהויף.

*

דאָס איז געווען היפש פאַר דער גרויסער קאָלעקטיוויזאַציע.
דער פעטער יודע איז דעמלט נאָך אַסאַך וואָגלעניש צוגעשטאַ־
נען צו עפּעס אַ קליינעם קאָלווירט פאַר אַ שוימער און פאַר
נאָך עפּעס, וואָס האָט קיין נאָמען ניט. דאָס איז אַ נייער פאַך
אַזאַ, וואָס ליגט ערגעץ אַפן גרענעץ צווישן אַ קאָלווירטניק און
אַ מין קליינשטעטלדיקן רעוול. עס איז אין גרונט קימאַט אַ קאָל־
ווירטניק, מיט דעם זעלביקן שטרויענעם רייעל, נאָר מיט
אַ שטיקל נאַסע פייע באַם אויער, מיט אַ שטיקל לאַנגע קאַפּאָטע.
דאָס איז אַ קאָל־רעוול.

נאָך אַסאַך וואָגלעענישן איז דער פעטער יודע געוואָרן אַ שוי־
מער פונעם דאָזיקן קאָלווירטל. דערהויפּט האָבן פאַר אים איינ־
געלייגט די ווערט: רעב יאַנקעוו־בויעז, דער שוואַכער באַלעבאַ־
טישער ייִד, וואָס האָט אויקער געווען פון נעמיגע, און רעב
יאַנקעוו־בויעזעס איידעלע מעקוראָווים, וואָס ער האָט זיי אויס־
געשריבן אינעם דאָזיקן קאָלווירטל אַרייַן.

דער פעטער יודע איז זיי עפּעס באַלד געפעלן געוואָרן אַפן קוק

— אַנ איידעלֿער ייִד,—האָבנ זיי געטײַנעט,—לֿאָזט אים אויכ צו אביסלֿ צו דער קאָרעטע!

אונ צו די דרײַ קאָמיוגיסטנ האָט מענ געשריִענ:

— וואָס ווילֿט איר?—א ייִד א ראבאָטשי, קאָלֿ יאָמאָוו געאַר־בעט מיט דער האק.

ווער וויים צולֿיב וואָס פארא סיבעס, נאָר דער פעטער יודע האָט באלֿד דערשפּירט, אז עס הייבט זיכ אָנ א נײַע שלֿיכעס אינ זײַנ לֿעבנ אונ ער האָט זיכ פארלֿאָזנ א שטיקלֿ נאסע פּייע.

ער האָט אמאָלֿ אפ דער וואכטע, קוקנדיק אפ די שטערנ, געפּרוווט פּאָרזיכטיק אזוי נעמענ טראכטנ אפ פארקערט וועגנ דער האשגאָכע האָעלֿיונע, האָט דעמלֿט דערזענ צו זײַנ גרויס פארוווּנדערונג, אז סע גייט, אונ באשלֿאָסנ גלײַכ נעמענ זיכ צו דער נײַער טועכצ.

א גאנצע נאכט שלֿעפּט זיכ ארומ דער פעטער יודע בא די שטאלֿנ פונ די בעהיימעס. אינדערפרי, מיטנ בראָכ אפ טאָג, זעצט ער זיכ אפ א בערוועגע באמ ברעג ייִשעוו, ציט פונ דער לֿיולֿקע, בלֿאָזט פונ זיכ שטיקער רויכ אונ באגלייט די קאָלֿווירטניקעס אינ פעלֿד ארויס:

— כײַעמ,—זאָגט ער,—סע זעט זיכ, אז מיטנ דאווענ האָסטו הײַנט ווידער אָפּגעמאכט כא־לֿאפּ!

— כאָנטשע, וואָרט אוויַלֿע, וויפלֿ איז פּאָרט דער שיר צו ארבעטנ אומ שאבעס?

— קאלֿמענ גיטעלֿעס,—זאָגט ער,—דײַנ בענאָק איז אינ קאָמ־סאָמאָלֿ אונ טוט אָנ ייִדנ קאָלֿע צאָרעס!

אָט דאָס איז א קאָלֿרעוולֿ.

בא דער שטילֿער שײַנ פונ דער לֿעוואָנע איז ארויסגעשווומענ ערגעצ אפּנ סוויסלֿאָטש אינ א קאָלֿווירטלֿ א מינ קענטאוור מיטנ קאָפּ פונ א סטאָלֿיער אונ מיט די פּיסלֿעכ פונ א רעוולֿ.

דער פעטער יורע האָט איצטער געטאָנ אַלצ, וואָס גיט צו כשיוועס א מענטשנ. ער האָט גענומענ גײנ מיט צונויפגעלײגטע הענט אפנ בויכ, האָט מײַרעכ געווענ אינ בײסאקיסע, אונ אמאָל האָט אפילע געטראָפנ, אז גײענדיק ארום די שטאַלנ פונ די בעהײמעס, האָט ער אפ זיכ אַלײנ פלוצלונג א קוק געטאָנ, ווי אפנ קעלמער מאגיד.

דעמלט האָט ער זיכ אָפּגעשטעלט אונ א זאָג געטאָנ צו זיכ מיט גרויס פאַרכט:

— רעבע, זעצט זיכ צו אוויילע!

דער פעטער יורע איז אָבער נאָכ אלעמענ געווענ א שוואכער באַל־איורע. די קענטעניש פונ די דארע ספּאָרעמלעכ אפ איורע־טײַטש האָבנ בעשומויפנ ניט געקלעקט אפ צו פירנ א שטאַט פונ א קאָלרעוול.

עס האָט, צום בײַשפּיל, געטראָפנ, אז יאָמנאָראָים האָבנ על־טערע קאָלווירטניקעס גענומענ אינמיטנ דאוונענ שפּײַענ פונ זײַנע איורע. דאָס איז געווענ א מוירעדיקער קלאפּ. דער פעטער איז געבליבנ שטיל, מיט אנ אויסגעהויקערטער, פארשעמטער פּלײצע צום אוילעמ. עס איז אימ נאָר אײַנגעפאלנ אינ קאָפּ, אז מע מוז וואָס גיכער ארויסרוקנ דעמ סטאָליער, וואָס אינ זיכ, קעדײ צו ראטעווענ דאָס רעוול, וואָס אינ אימ.

דעמלט איז אָבער אופגעשטאנענ דער שוואכער רעב יאנקעוו־בויעז, שמאָק־בלאס, אונ גענומענ שרײַענ מיט א ניט־אָנגעביסע־נעמ קאָל:

— כאמוירים, וואָס ווילט איר דאָ האָבנ, א ברױסקער ראָוו?

די פרומע יידנ האָבנ זיכ דעמלט באַרויקט, נאָר עס האָט זיכ פאָרט ניט געלײגט אפנ סײכל, אז אנ אלטער סטאָליער זאָל פלוצלונג נעמענ אונ אָפּראטעווענ די יידישקײַט, כאָטש דער

פעטער יודע מיט די שפאקולנ אפ דער נאָז האָט פונ צײַט צו צײַט יע געכאפט דעם אָנבליק פונ א פארבלאָנדזשעט גאלעכל.

דעמ פעטער יודענ האָט זיכ אָבער דאָכ ניט אײַנגעגעבנ דורכשטופנ דאָס דאוונענ, ווי סע געהער צו זײַנ. בא רעב יאנקעוו־בויעזעס שטוב האָבנ זיכ געקליבנ פארוואקסענע קאָלווירטניקעס, פראָסטע מאָנטיקס, וואָס ניט עס קענ אונ ניט עס וויל דאוונענ אפילע אומ יאָמים־נייראָים. מאָנטיק האָט זיכ געבונטעוועט אלעמײַ מע דאוונט אינ א קאָלווירט. אונ בײַס דער פעטער יודע איז זיכ פארגאנגענ אינ אנ אייגענעמ מאָראלישנ גוסט,—דעמלט האָט זיכ פלוצלונג ארײַנגערוקט א קאָפ אינ פענצטער, אוועקגעשטעלט זיכ רויק צווישנ די בײַשטידלענ, ווי א וואזאָנ, אונ געפרעגט האָט דער קאָפ פראָסט:

— רעב יאנקעוו־בויעז, איר מיינט טאקע מיטנ אָכער אויסבויענ דעמ בײַס־האמיקדעש?

— מאלאָכימ־מעלקער, א בייזער יאָר אפ אײַכ!

מיטנ בליק זײַנענ אנטפאלנ די געבליטנ. מיטנ בליק איז אנטפאלנ די גאנצע היסלאוועטדיקע מעסיקעס. דער פעטער יודע איז אָבער פונ אלעמאָל א ייִד א האָנאָראָווער. פונ קאס האָט ער גענומענ שלינגענ די איוורע, גענומענ זאָגנ אָנשטאָט זינגענ, אונ סאָפקאָלסאָפ איז ער גאָר אוועק פונ אָמעד (אינ קאָלווירטל האָט מענ נאָכ ניט געוווסט, אז דער פעטער איז א ייִד א מעשוגענער). אזוי ארומ, האָט זיכ באקומענ א שווערע לאגע.

נאָכדעמ, אז די ניט־אָנגעביסענע קאָלווירטניקעס זײַנענ אינ די צעפלויגענע ווײַסע טאלייסימ, ווי אלטע בושלענ, געלאָפנ אהיימ, האָט מענ פראָסט געשפיגנ פונ רעציכע:

— ניינ, ייִדנ, דאָס איז ניט פאר די קויכעט פונ א פראָסטנ סטאָליער!

פונדעסטוועגנ האָט דער פעטער יודע, טאַפּנדיק אזוי אינדער־פינצטער, זיכ אויסגעארבעט א נייַעמ פאַכ.

עס איז אפילע נאָכדעמ געוואָרנ א מעגלעכקייַט ער זאָל גייג הויכ, אזש ביז א קאָלדראָוו, אונ עפשער נאָכ מער, עפשער ביז אנ אויסטו, דעמ גורעסטנ כאָכעמ פונ אלע מענטשנ, וועג ניט דער אומגליק, וואָס ווארט אפ דעמ מענטשנ, צעטרעט אימ אונ־טער די פיס אונ לאָזט איבער פונ אימ קוימ עפשער א פּאָר שטיוול אפ א געדעכעניש.

## פעטער פּאָליע

וואָס טוט דער פעטער פּאָליע?

דער פעטער פּאָליע געניסט פונ דער סאָוועטישער אנדער העלפט פונ זייַנ לעבנ. נאָכ דער ארבעט קוקט ער פונעמ פענצ־טער אפ דער וועלט, ווישט זיכ דעמ שטעכיקנ וואָנצ אונ גלויבט, אז ער איז דער וויכטיקסטער זעלמעניאנער.

די רעוואָליוציע האָט אָפּגעשווענקט די אלע מענטשנ, וואָס ער האָט פייַנט געהאט, אָפּגעראמט פונ ארומ אימ זייערע ווילדע געננ, זיצט ער באמ פענצטער, וווּנדערט זיכ, וואָס אלצ לייגט זיכ דאָ אויס לעטויוועס אימ אונ נעמט נעקאָמע פונ דער וועלט.

דער פעטער פּאָליע איז א בייזער יונג, ער טוט א קוק אונ א ריר מיט די וואָנצנ, זעט ער א מענטשנ אפ דורכ אונ דורכ. אנומלטנ איז צו דער מומע מאלקעלענ געקומענ א קאָרעוו, א ברוקירער פונ קאטערינאָסלאוו, האָט אימ פּאָליע באגעגנט, א ריר געטאָנ מיט די וואָנצנ אונ פייַנט געקראָגנ אפנ גאנצנ לעבנ.

דער פעטער פּאָליע איז עפשער אויכ א מענטש מיט אנ איי־גענעמ גאנג, עפעס א דענקער, נאָר אָנ געדאנקענ. וויפל מע

זאָל אפ אימ ניט ארבעטנ איז אלצ ארויסגעוואָרפנ. ער פארשטייט ניט, אונ, דאכט זיך, אז ער קלײַבט זיך ניט צו פארשטיינ.

א ראכמאָנעס איז בלויז געווענ אפ יענעמ קאָמיוגיסט, וואָס האָט זיך אָנגענומענ צו לערנענ מיט פעטער פאָליענ פאָליט־איוורע:

— לאָזט מיך,—האָט ער געטײַנעט צו די יאטנ,—אונ איך מאך פונ אימ א מענטשנ.

דער קאָמיוגיסט האָט איבער אימ געארבעט, ווי איבער אנ אלטער פעל, גערעדט צו אימ אי איידל, אי גראָב, אונ פאָליע איז זיך רויִק געזעסנ אפנ שטול, ווי מע זיצט בא א שערער, געווישט זיך דעמ שטעכיקנ וואָנצ אונ געווארט, ווענ דער פינטעפליוש וועט ענדיקנ.

אז בא דעמ קאָמיוגיסט האָט פאָרט געפלאצט די גערולד, איז ער אוועק אפנ זאוואָד אונ פארשפרייט א קלאנג, אז פעטער פאָליע איז א מענטש מיט א פארמאכטנ בוידעמ. דאָס האָט אָבער פאָליענ ווייניק־וואָס גערירט, ער האָט זיך צעשמייכלט אפנ גאנצנ פאָנעמ אונ א זאָג געטאָנ צו טראָכימענ, זײַנ אלטנ כאווער:

— נו איז וואָס, בינ איך ניט קיינ שמינטיליגענציע. איך בינ, ברודער, ניט מער ווי אנ ארבעטער!

דער פעטער פאָליע איז א קאלטער מאלעכ. בלויז אינ א רוטאָג, נאָכנ עסנ, אז ער איז שוינ באזונדער אופגעראמט, פארנעמט ער זיך אביסל מיט גײַסטיקער ארבעט.

בא אימ אינ שטוב אפ א פאָליצע, סאמע אונטערנ באלקנ, ליגט א בוך אינ טיפנ שפינוועבס. דער פעטער פאָליע נעמט אראָפ פונ דער פאָליצע דעמ טוכלנ בוך, קלאפט אימ אָפ אָנ שוועל אונ זעצט זיך אוועק באמ פענצטער בלעטערנ די צאצקעס. דער שטעכיקער וואָנצ רירט זיך—א סימענ, אז פעטער פאָליע ארבעט גײַסטיק.

פאראנ אינ בוך א שיינ בילד, ווי א פיש ליגט אינמיטנ יאמ

אונ שפּריצט פונ זיכ וואסער. דער פעטער פּאָליע לייענט איבער הויכ אונ דייטלעכ:

— קיט!

אונ א גרויסע פרייד צעגיסט זיכ איבער די גלידער בלויז פונ איבערלייענענ דאָס וואָרט. ער רוקט די פינגער אינ מויל, מישט אנטציקטערהייט די דיקע, טוכלע בלעטער, ביז עס הייבנ זיכ ניט אָנ צו באווייזנ בילדער פונ אלטע קייסאָרימ מיט בערד, אינ גרויסע ווינטערדיקע היטלענ מיט א ציילעמ פונ אויבנ.

דער פעטער פּאָליע בלייבט זיצנ פארגאפט. ער קוקט אפ די קייסאָרימ מיט שטומע בליקנ, נעמט פּאוואָליע צונויפ דעמ פּויסט אינ א טרייבל אונ באטראכט זיי לאנג אונ שטומ פונ אלע זייטנ. עס טרעפט, אז ער טוט א זאָג:

— געכאפּט אינ ט... הא?

*

אינ הויפ האָט זיכ געטומלט ארומ די צוריקגעקומענע שי־ליערס, נאָר דער פעטער פּאָליע איז געזעסנ אינ שפּייזלער־קלוב. אטלעטנ פונ דער גאנצער רעפּובליק האָבנ געוויזנ מייסטערשאפט אינ פראנצויזישנ געראנגל. געווענ דאָרט שיינע קערפּערס פונ יונגע ארבעטער, וואָס האָבנ אָנגעקוואָלנ, ווי מיידלעכ, פונ איי־גענעמ לייב; געווענ אויכ זעקס־פּודיקע אלטע טשעמפּיאָנענ מיט קורצע שטערנס, אראָפּהענגענדיקע בייכער אונ יאָרקשירער גיידערס, וואָס האָבנ פונ אונטער די קליינע וואסערדיקע אויגע־לעכ געוואָרפנ ביטלדיקע בליקנ אפ דעמ ניט־דערבאקענעמ אט־לעטישנ נאָכוווקס.

דאָס זיינענ געווענ בארימטע ספּעצנ, ארויסגעוואלגערטע אפ אלע פּאָדלאָגעס פונ דער וועלט.

שירקלעכ שטיל איז געוואָרנ אינ זאל, ווענ אזא אלטער גאָענ

פלעגט זיכ פלוצלונג אויסציִענ מיט אלע זײַנע גראָבע פליישנ, כאָרכלענ ווי אנ איבערגעפירטע מאשינ, אונ א יונגער יאט איבער אימ פלעגט אימ טאָרמאָשענ מיטנ לעצטנ שווייס אונ ניט קענענ רירנ פונ אָרט.

— נעמ אימ, פאצאנ, דאָס איז ניט מער, ווי א שטיק פאדלע!

— כאָרכל ניט, אלטער בעגעמאָט!

גרויס איז אָבער געווענ דער פארדראָס, ווענ דער איבערגעבויגענער קאָפ פונ א יונגנ פאצאנ פלעגט ארײַנבאלנ פלוצלונג צו דער שטיק פלייש אונטער די אָרעמס אונ אינ איינ אויגנבליק איז שוינ דער יאט געלעגנ אריבערגעוואָרפנ אפ די לאָפעטקעס לויט די אלע געזעצנ פונ דער דאָזיקער הארבער וויסנשאפט.

אינ יענעמ אָוונט האָבנ די אלטע געוינימ געווילדעוועט אפ דער בינע. שוינ אויסגעוואלגערט אלע יונגע כעווריע, זײַנענ זיי איצט ארומגעגאנגענ מיט וואקלענדיקע שווערע טריט איבער דער בינע אונ גערופנ פונ אוילעמ נאָכ אונ נאָכ.

דעמלט איז עס געשענ.

דער פעטער פאָליע האָט זיכ אופגעהויבנ—א הויכער, א בלאָסער, מיט אָפשטייענדיקע שטעכיקע וואָנצעס, אונ איז אוועק צו דער בינע. דאָרטנ, אינ א זײַטיק צימערל, האָט מענ אפגיכ אראָפגעצויגנ פונ אימ די בגאָדימ, איבערגעלאָזנ בלויז א מינ פײַגנבלעטל אפ די לענדנ, אונ אימ ארויסגעשטופט צו דער ליכטיקער ראמפע.

אָט דאָס איז דער פעטער פאָליע: א באוואקסענער מיט לאנגע שפיציקע הענט, מיט א בייגעדיקער ברוסט, ווי א ניט־גוט צונויפגעקלאפטער קאסטנ. ער איז געשטאנענ אָנ באוועגונג, מיט איינ האנט אפנ דיכ, אונ בלויז געפאָרשקעט מיט די וואָנצנ.

דערנאָכ האָט זיכ אָנגעהויבנ דער געראנגל.

דער גרויסער מײַסטער האָט ספריטנע א הייב געטאָנ דעמ

אָנגעגאָסענעם בויך און זיך א לאָז געטאָן, ווי א יונגער לאָשעק צום פעטער. דער פעטער פאָליע האָט פארשלאָפן אויסגעצויגן צו אים די לאנגע הענט, אָנגענומען אים פאר די אקסלען און אָפגעשטויסן.

ווי באוווסט, איז דער פעטער פאָליע געווען א קאלטער מאלעך.

האָט דער גרויסער מײַסטער געגעבן א ריטשע און אָנגעכאפט דעם פעטער פארן קאָפּ, אראָפּגעקוועטשט אים צו זיך אונטערן הארצן און געקליבן זיך שוין אָפּטאָן מיט אים דאָס פראנצויזישע רעכט.

דער פעטער פאָליע האָט זיך דערמאָנט מיט קלאָגן ארויסגעריסן.

— לעבעדיקער, פאָליע, וועסט שלאָפן אינדערהיים!

— א בראָדענק אין קאָפּ!

— א פארנא אין די אויגן איז נאָך בעסער!

— מײַמעס אים!

לאנגע, אָדערדיקע הענט האָבן געפּאָכעט ארום זיך, ווי פליגלען פון א ווינט־מיל. דער מײַסטער האָט זיך שוין גענומען ערגערן און קוועטשן מיט די פּלייצעס. דער אוילעם האָט געלאכט.

פּלוצלינג איז דער פעטער פאָליע צוגעשפּרונגען, א קער געטאָן די זעקס פוד צו דער ערד און ארויפגעפאלן אויף דעם, ווי א בערוועניע.

עס לאָזט זיך אויס, אז דער מײַסטער איז געלעגן!

ס'האָט ניט געהאָלפן, וואָס דער גרויסער קענער האָט פון אונטער אים געשריִען צום אוילעם, אז דער פעטער קען ניט, ער הייבט ניט אָן צו פארשטיין אין דער זאך. אלע האָבן קלאָר געזען, ווי דער פעטער פאָליע האָט אים געלייגט, צוגעקוועטשט, צוגעדריקט, און, דאכט זיך, ווי עס געהער צו זײַן.

נאָכדעם האָט דער פעטער ארופגעכאפּט אויף זיך די מאלבו-

שים, אָפּגעטראָגנ זיכ אהיימ אונ געוואָלט, אז די מײַסע זאָל בלײַבנ בעסאָד.

אינ שטוב איז פאָליע ארײַנ א פינצטערער, ארײַנגעקראָכנ באלד אינ בעט אונ אריבערגעדעקט זיכ איבערנ קאָפּ, ווי א מיטל, קענטיק, צו פארשטיקנ די זאכ.

דאָס טרויערדיק וויַיבל זײַנס, וואָס האָט זיכ ניט פארשטאנענ אפּ דער פּסיכאָלאָגיע פונ מענטשנ, האָט אימ גענומענ וועקנ:

— פאָליע, נעמ עפּעס אינ מויל, פאָליע!

ער איז אָבער געלעגנ שטומ מיט די ארויסגעסטארטשעטע ביינער פונ אונטערנ קאָלדרע, ווי א שטיק מאמאָנט, אונ ס'האָט אימ ווײ געטאָנ דאָס הארצ, וואָס ער האָט דאָרטנ אינ שפּײַלער־קלוב ניט געקענט אײַנהאלטנ זײַנ פאורדראָס אונ איז זיכ ארויס אָנגעמענ פאר די „כוטשקעס".

*

אפּ מאָרגנ איז פונדעסטוועגנ דער פעטער פאָליע ארויס פארנ שוועל פונ מויער האנאָע האָבנ פונ דער וועלט. ער האָט אָפּגע־ווארט אפּ דעמ בעסטנ זעלמעניאנער. ווי נאָר ער האָט דערזענ אינ הויפּ דעמ פעטער איטשע, דעמ געעלטערטנ פעטער, איז ער צו אימ צוגעגאנגענ:

— הער, איטשקע. מע מורמלט, אז דײַנ שנור מאכט... המ..

אונ פאָליע האָט זיכ א שנעל געטאָנ אונטערנ גאָרגל.

דער פעטער איטשע איז אינ דער ערשטער רעגע צעמישט געוואָרנ אונ אראָפּגעלאָזנ דעמ קאָפּ פונ שאנדע. באלד איז ער אָבער געקומענ צו זיכ. מיט דער רעציכע, וואָס איז אייגנטימלעכ דעמ דאָזיקנ מענטשנ, האָט ער אָנגעכאפּט דעמ ברודער זײַנעמ פאר די קליאפּעס:

— שטומורע, וועסט בא מיר אוועקגײנ אינ קייטנ...

די באלײדיקונג איז געווענ א דאָפּלטע: ערשטנס, איז זי ניט זײַנ שנור, אומזיסט האָט מענ זיכ, אלזאָ, אויכ א פּאָר טעג געקרייוולט, אונ צווייטנס, איז נאָכ דעמ פּעטער זישעס טויט די האָזע פונ פּאָליענ שוינ ניט אריבערצוטראָגנ:

— אז ער האָט גיט איבער זיכ קיינ אויבערהאר!

## דער פּעטער איטשע

נאָכדעמ איז דער פּעטער איטשע געזעסנ בא דער אלטער ניי־מאשינ, געשלונגענ שטיקער פּאָדעמ פונ די פּאסטריגעס, געשפּיגנ אונ געשאָלטנ.

אינעמ נידעריקנ שטיבל איז זאָלקע. סע שמעקט אביסל מיט דאלעס אונ אביסל מיט אָפּגעקילטער אָפּשײַ צו דעמ פּעטער איטשעס עלטערע יאָרנ. כוצ אלעמענ האָבנ זיכ די זעלמעניאנער איצטער אויכ אָנגעזעצט אפ אימ—אפ דער לעצטער זײַל פונ דער מישפּאָכע. קיינ סאַכ כעיונע פונ דעמ פּעטערס טראסקערײַ אפ דער מאשינ זעט מענ ניט, אזוי אז די מומע מאלקעלע האָט, נעבעכ, אראָפּגעלאָזנ אביסל פונעמ אומער.

די מומע מאלקעלע—זי שטייט גאנצע טעג הינטער זײַנ פּלייצע באמ מאשינ אונ קוקט פארטראכט דורכנ פענצטערל אפ דער ווײַטער גאס. די טשוהונענע סאַגאנעס ליגנ אפנ פריפּעטשעק מיט דעמ אויסגעוואשענעמ ווײַסנ אינעווייניק צומ שטוב. די קאַץ זיצט אינ אויוונ. סע שווײַגט די מומע אונ הערט זיכ צו צו אייצעס פונ פארשיידענע זײַטנ.

— זאָל ער נעמענ אונ גיינ אפ דער פאבריק!

דעמ פּעטער איטשענ גלויבט זיכ בעשומויפנ ניט, מע זאָל נעמענ אונ אָפּטאָנ מיט אימ אפ די עלטערע יאָרנ אזא גאזלאָוויסטווע.

— ווער אנ ארבעטער,—זאָגט מענ צו אימ,—נארישער ייד!

## 7

# וועגן טאָנקעס קינד
# און וועגן דער קאָנדראַטיעווע

באַ דער מומע גיטען אין דער טונקעלער שטוב האָבן זיך, נאָך אַ פּאָר יאָר אָוולדיקן שווייַגנס, דערהערט ווידער מענטשלעכע שטימען.

דאָס איז טאָנקע דעם פּעטער זישעס אין אַן אויסגעשטערנטן שאַרן פאַרטאָג צוריקגעקומען פון וולאַדיוואָסטאָק. זי האָט דעמלט אָנגעשלעפּט אַ פולע שטוב מיט ווינט, פּעק און אויך אַ קינדער־וועגעלע, וואָס האָט געהאַט טיף באַ זיך אָפּן דעק אַ פאַרוויקלט פּיצל קינד מיט אַ פּענעמל ווייַט ניט ענלעך צו אַ יידישן.

אין דער טונקלער, מאָרעשכוירעדיקער שטוב, ווו ס'האָבן נאָר געקאַפּעט די ווייכע קלעפּ פונעם פּעטער זישעס אייביק־גייענדיקע זייגערס, האָט זיך אַרייַנגעריסן לופט פון די געעפנטע פאָרטקעס, דאָס פּליעסקען פון וואַסער אַרום אַ מיידלשן לייַב און דער טערפּקער גערוך פון יונגע באָכערים און מיידלעך, וואָס האָבן געקלונגען מיט די גלעזערנע טירן און אַרומגעלאָפן, ווי אין אַ וואָקזאַל.

די מומע גיטע איז געבליבנ זיצנ בא איר פארהושעטנ פענצטער, ווו ס'האָט נאָכ דעמ פעטער זישעס טויט געצאנקט, שווײַגנדיק, דער פארטאכלעוועטער ראבאָנישער ייִכעס פונ די זעלמעניאנער.

וואָס איז שוינ דאָ איבערגעבליבנ פונ דער ייִדעשקײַט, אויב ניט די מומע גיטע?

זי שווײַגט אונ פירט קימאט א מאנצבילשנ שטאט אינ רעבזעהויפ. עס טרעפט אמאָל, אז מע קומט אפילע צו איר פרעגנ א שײַלע, אונ דאָס איז גאנצ פארשטענדלעכ בא דער איצטיקער שפאָרעוודיקײַט אינ ראבאָנימ.

די מומע איז שוינ אָבער אלט, מיט אראָפּהענגענדיקע ייִכעסדיקע פאלבנ פונ פאָנעמ, מוטנע גרוי. איצט האָט זי זיכ נאָכ שלאפער געפילט פונ די פלוצלונגדיקע נײַע קוילעס אינ דער אָנגעשוויגענער שטוב.

שפעטער, אינ עטלעכע טעג, אינ א שטילער שאָ, ווענ פונ פרעמדע מענטשנ איז אינ שטוב געווענ ניט מער ווי דער אייגנ צאלקע, האָט זי זיכ שטילערהייט אופגעהויבנ אונ גענומענ ארומקוקנ. דאכט זיכ, אז זי האָט אלצ פארגעסנ. דערנאָכ האָט זי מיט א פארצווייפלונג גענומענ טאפנ אינ די פעקלעכ:

— טאָכטערקע, אונ ווו זײַנענ די קישנס?

— פארקויפט אינ וולאדיוואָסטאָק.

— אונ די קאָלדרע?

— איבערגעלאָזנ אינ מאָסקווע.

דאָס איז געווענ א גרויסער קלאפ.

נאָכדעמ, שוינ ניט האָפנדיק אפ גאָרנישט, האָט זי, א ווונק געטאָנ אפ צאלקע דעמ פעטער יודעס, אונ געמיינט האָט זי, פארשטייט זיכ, ניט אימ, נאָר דאָס פרעמדע קינד, וואָס ער האָט געהאלטנ באמ בוזימ אונ געגעבנ זויגנ פונ א פלעשעלע.

— און וועמעס איז ס'קינד?

— מײַנע.

— ס'טע כאסענע געהאַט?

— ניין.

אין יענעם אָוונט איז די מומע געזעסן אַרום איר אַרומגע־שוויגענעם פענצטער, געזעסן און געוויקלט אַרום זיך אַ נײַע פרומע, טונקעלע שווײַגעניש וועגן די קישנס און דעם פרעמדן קינד.

דאָס איז געווען אַ פֿאַרנאַכטיקע געזעגעניש מיט דעם פעטער זישעס צענישטשעטן פאַרמעגן און אַ קאַלטער שווײַג קעגן די ניט־געבעטענע ווײַטע אייניקלעך, וואָס קומען אָן אהער פון אַלדע העלן ווינען אונטער איין דאַך.

*

טאַנקע איז אוועק.

דעמלט, נאָכקוקנדיק איר דורכן שאַרן פענצטער, האָט אפילע צאַלקע דעם פעטער יודעס זי' אַרויסבאַגלייט מיט אַביסעלע סינע.

ער האָט דעמלט אַזוי געטראַכט:

— צי וואָלט די רעוואָליוציע, אַשטייגער, עפּעס געליטן, ווען די מומע גיטע זאָגט אָפּ אירע לעצטע עטלעכע גילדן ניט ווינטנ־דיק, אז טאַנקע האָט פאַרקויפט אירע קישנס אין וולאַדיוואָסטאָק?

אָט דאָס האָט ער געטראַכט. און ער איז געווען גרייט אָנצונעמען אין דער מינוט, אַז זי, זײַן געליבטע, איז סאָפּ־קאָלסאָפּ ניט מער, ווי אַ קליינער שלעגל, וואָס בײַסט ווו עס מאַכט זיך, כאָטש דערבײַ קוקט זי פון אויבן אַראָפּ אף איינעם, וואָס טראָגט ניט אַזא גיפט.

און געמיינט האָט ער מיט דעם איינעם מיסטאָמע אויך זיך, וואָס האָט זיך שוין היפּשע עטלעכע מאָל, אף אַ בוידעם צי בײַ

א פלעשעלע יאָד, געקליבנ אָפּזאָגנ די אייגענע עטלעכע אָפּגעריבענע גילדנ.

*

צאלנ דעמ פעטער יודעס האָט פאָרזיכטיק אוועקגעלייגט דאָס איינגעשלאָפענע קינד, איז ארויס אינ הויפ, אונ ניט ווילנדיק איז ער אוועק איבער די זעלמעניאנישע שטיבער הערנ, צי עס זיינענ ניטאָ קיינ וויַטערדיקע יעדיעס וועגנ איניענ וולאדי־וואָסטאָק.

זינט די שיליועס זיינענ צוריקגעקומענ האָט דער רעבזעהויפ פארוואָרפנ אלע ארבעטנ, ס'האָט אופגעהער'ט צו גיינ א רויכ פונ די קוימענס, אונ שטומע בעורדיקע זעלמעניאנער זיינענ צוזאמענ מיט אלטע זעלמעניאנערטעס געזעסנ פוסט אונ פאס ביי די וואָכעדיקע טישנ אונ געווארט אפ נייעס וועגנ דער קאָנדראטיעווע אונ טאָנקעס קינד.

דער פעטער איטשע איז ארומגעפלויגנ איבער די אלע שטיבער, אונ כאָטש ער האָט געצויגנ פאָדעמ פונ מויל, מע זאָל מיינענ, אז ער זיצט אונ ארבעט, האָט ער אָבער קיינעמ ניט אָפּגענארט, עפשער בלויז די אייגענע וויַב, די מומע מאלקעלע, וואָס איז, פארשטייט זיכ, געווענ צעטראָגנ וועגנ איר פאלקענ:

— מיינ קו, — האָט זי געזאָגט, — צו מעלקנ איז זי ניטאָ, נאָר צומ פייגערנ איז זי גראָדע דאָ.

דערהויפט האָט זיכ דער הויפ א וואָרפ געטאָנ אפ דער קאָנדראטיעווע. דאָס איז געווענ עפּעס א מאָדנע טשיקאווע געשטאלט פאר די זעלמעניאנער. עמעצער פונ הויפ איז אפילע דערגאנגענ דערצו, אז ער האָט געהאלטנ די קאָנדראטיעווע פאר א מאנצביל, נאָר, פארשטייט זיכ, אז דאָס איז מער ניט ווי ווילדקייט פונ א זעלמעניאנישנ פערעדאָמ אונ אפ דעמ לוינט זיכ עפשער גאָר ניט אָפּצושטעלנ.

דאָס האָט א זעלמעניאנער געוואָלט טאָג דעם גאנצן הויף אפּ צולאָכעס!

נייס איז אָבער געווען. פון אלע זייטן האָט מען בא פאלקען געצויגן זיכרוינעס פון זיין לעבן, ווי מע ציט פאָדעם פון א צעדריבלטן בעגעד. ס'איז נאָר א שאָד, וואָס אסאך יעדיעס האָט מען שוין געהאט וועגן דער קאָנדראטיעווע און גאָר ווייניק — וועגן טאָנקעס קינד.

דעם עמעס זאָגנדיק, האָט מען דאָ טאָנקען ניט איבעריקס ליב געהאט.

פאראן אפילע זעלמעניאנער, וואָס האָבן פאר איר מוירע אויך. פאר א ביישפּיל קאָן דינען דער קורצער, מאָרעשכוירעדיקער ברוקירער, דער מומע מאלקעלעס קאָרעוו, וואָס איז ניט לאנג אראָפּגעקומען אהער פון דער אוקראינע. דער מומע מאלקעלעס קאָרעוו, א ייד מיט אפּעטיט און מיט א קופּערט אונטערן בעט, אז ער האָט נאָר דערזען טאָנקען דורכן פענצטער, האָט ער א ווײַלע אופגעהערט עסן און א פרעג געטאָן:

— ווער איז דאָס די שליוכע, וואָס דרייט זיך דאָ ארום אין הויף?

און נאָכדעם, שוין ארומגענומען מיט דער פארע פון א גרויסן שיסל קארטאָפל, האָט ער ביטער אָפּגעזיפצעט:

— עפּעס א מיידל מיט א שלעכטן קוק!

*

וואָס ווייס מען שוין אין הויף וועגן דעם איניען קאָנדראַ־טיעווע?

מע ווייס, אז פאלקע דעם פעטער איטשעס האָט זיך טאקע דאָרטן, אין די ווײַטע שטעט, ארומגעשלעפּט מיט עפּעס א מין סאָרט גראפיניע, וואָס הייסט קאָנדראטיעווע. די קאָנדראטיעווע,

זאָגט מען, איז אַן אמאָליקע גרויסע פּריצטע אָדער א טאָכטער פון א פּריצטע. טאָנקע האָט ניט געוואָלט פאַרליידן די זאַך, האָט איר פּאָלקע דעמלט געסטראַשעט, אַז ער וועט זי אָוועקוואַרפן און וועט איר צאָלן אַלימענטן.

פאַרוואָס איז עפּעס דעם יונג אײַנגעפאַלן צו סטראַשען טאָנקען מיט אַלימענטן, ווייס קיינער ניט.

— טי מניע נאַדאָיעלאַ,—האָט ער דעמלט פּלוצלונג א זאָג געטאָן צו טאָנקען.

זי איז רויט געוואָרן פון דער באַליידיקונג און איבערגעפרעגט דאַפקע אַף יידיש:

— וואָס האָסטו געזאָגט?

— א פּראָווינציעלע מיידל אי באַלשע ניטשעוואָ!

דעמלט איז טאָנקע צו אים צוגעלאָפן און אַראָפּגעלאָזן א פּאָר פּעטש. ער האָט, נעבעך, פאַרהויבן די אָרעמס איבערן קאָפּ און אויסגעדרייט זיך צום וואַנט, וואַרטנדיק אַף נאָך, ווי אַמאָל, יינגלוויַיז, ווען די מומע מאַלקעלע פלעגט אים שלאָגן פאַר גאַנוועגען א שטיקל צוקער.

— אוי, פּאָלקע, פּאָלקע!—ער איז אַרויס פונעם רעבזעהויף א בראַנדאָוונער באָכערל, מיט א טשופּרינע, מיט אַן אויסגענייט העמדל, מיט א פאַרלייגט נעזל: צוויי יאָר בלויז האָט געדויערט די געשיכטע, איז ער געקומען צוריק אַהיים א פאַרשפּילטער, מיט דעם מוטנעם קוק פון א דערפאַרענעם מאַנצביל און מיט א שוואַרצן שטעמפּל אַפן לייַב.

אַנומלט האָט ער זיך געוואַשן אין פּירהויז. ער האָט פאַרקאַשערט די אַרבל און דעמלט איז אַלעמען פינצטער געוואָרן אין די אויגן. אַפן אָרעם, אַביסל העכער פון האַנט איז בא אים געווען אָפּגעשטעמפּלט א שוואַרצער שאַרבן מיט א פּאָר איבערגעלייגטע ביינער און אונטן—אָנגעשריבן אַף רוסיש.

די מומע מאלקעלע האָט אים אָנגעכאַפּט פאַר די הענט און זיך ביטער פאַנאַנדערגעוויינט:

— זאָג, פאלינקע, וואָס איז דאָס? א מאמע מעג מען זאָגן...

ער האָט זיך אָבער ווידער ארויסגעמאַכט:

— טאטוי־ראָווקע איז דאָס,—האָט ער געשריען,—וואָס ווילסטו האָבן?

דער יונג, זאָגט מען, איז איינגאַנצן באַשריבן מיט רוסישע גלייכווערטלעך. מע טראַכט, אז דאָס איז איר אַרבעט,—דער קאָנ־דראַטיעווע. זי האָט אים געמאַכט פאַר אויס מענטש.

און געמיינט האָט מען דאָך, אז פאלקע וועט ברענגען א וועלט: ער האָט געוואַשן פלעשער, געלערנט אין אַרבפּאַק, גענומען א פּרעמיע אַף שפּרינגען, געווען א שניידער, א זעצער, א שערער, אן עלעקטראָמאָנטיאָר. איצטער—צו וואָס ער ווירט זיך ניט צו ווערט אַש. ער גאַוראָניעט. ער זיצט אַקשאָנעסדיק אין שטוב און וויגט דאָס קינד, פאַר וועלכן דער גוילעם האָט זיך געקליבן צאָלן אַלימענטן.

בלויז דעם פעטער פאָליעס ווייבל גלויבט ניט אין פאלקעס יערידע. זי שטייט אויבן, אין מויער באַם פענצטער, מיט דעם שיסעלע געקעכץ אין האַנט, קוקט אַראָפּ אין הויף אַף די טאַ־מעוואַטע זעלמעניאַנער, וואָס זעען ניט, אז אין אָט דעם מאָגערן פאלקען ברענט א העליש פייער.

— הערט מיין וואָרט,—זאָגט זי צו זיך אליין,—מירן נאָר האָבן פון אים געווינג צאָרעס!

נאָר ווער איז די קאָנדראַטיעווע?

דאָס איז דאָפּקע טאָנקעס א באַקאַנטע, א מאַשיניסטקע פון לעסוואָסטאָק, אַלט א יאָר עטלעכע און פערציק, כאָטש פאלקע ווייס נאָר פון זיבן און צוואַנציק. טאָנקע האָט אים דאָרטן אַמאָל באַקענט מיט איר.

1

װי מע גיט איבער, איז די קאָנדראַטיעװע געװען א הויכע, א געפּודערטע, מיט קנײטשעלעכ ארומ די אויגנ, מיט בלײכע הענט; טײַ װינטער, טײַ זומער אינ אנ אָפּגעטראָגענעמ קאראקור־לענעמ מאנטל. עס האָט געשמעקט פונ איר מיט אביסעלע אײל פונ א לאמפּאדע אונ אביסעלע אָדעקאָלאָנ.

די קאָנדראַטיעװע האָט ליב געהאט דאָס יידישע פאָלק, צוליב די נעװיִמ, װאָס דאָס דאָזיקע פאָלק האָט פונ זיכ ארויסגעגעבנ אונ פאלקע, אלס א צװײַגל פונעמ דאָזיקנ שטאמ, האָט בא איר נויטע כײנ געװענ אונ זי האָט זיכ אינ אימ פארליבט.

אינ איר צימערל אפ דער אטאָמאנע, פארקוטעט אינ טויזנט אָפּגעקראָכענע פארביקע שאלנ, באשמעקט מיט טויזנט גערוכנ פונ נעגעלעכ, אײל, ספּירט, װאלעריאנ, האָט זי געקישעפּט פאל־קענ מיט איר כײנ אונ אימ פארפירט מעשוגענערװײַז. ער איז געװענ צעדולט פונ ליבע אונ פונ בענקעניש נאָכ א שיר.

— װי געפעלט אײַכ זינאידא גיפּיוס?

פאלקע דעמ פעטער איטשעס װײס דעמלט ניט, װאָס דאָס איז, ער איז אָבער א זעלמעניאנער אונ ענטפערט אונטערנ פארלײגטנ נעזל:

— אָטשענ נראװיצא?

— װאָט עטאָ זשענשטשינא!— זאָגט דעמלט די קאָנדראַטיעװע אונ פארבײגט דעמ פארטראכטנ קאָפּ פונ אנ אלטער לײביכע אפ אירע בלײכע, אביסל געעלטערטע אָרעמס.

נאָכדעמ טוט זי א שמעק פונ א פלעשעלע. די קאָנדראַטיעװע האָט זײער ליב געהאט צו שמעקנ פונ פלעשעלעכ. איר האָט אָפּט װיי געטאָנ דער קאָפּ, פלעגט זי זיכ אויסרײַבנ די שלײפנ מיט אזא מינ װײַס שטײנדל (דעמ נאָמענ װײס איכ ניט). פאלקענ האָט זי אויכ אמאָל אויסגעריבנ מיט דעמ שטײנדל, איז ער געזעסנ באמ טיש, ס'האָבנ זיכ אימ געקלעפּט די אויגנ אונ בלויז דאָס פארלײגטע נעזל האָט אָנגעהויבנ ריגעַנ.

אָט אזוי איז פאלקע געזעסן בא איר אין שמאָלן באשמעקטן צימערל און זיך געליבט.

*

אָט דאָס האָט מען אין רעבזעהויף ארויסגעפלאָנטערט פון דער געשיכטע אין א מעשעך פון עטלעכע כאדאָשים. צי האָט טאקע אזוי אויסגעזען די קאָנדראטיעווע אין דער ווירקלעכקייט, איז שווער צו זאָגן, יעדנפאלס אזוי האָט עס אופגענומען דער רעבזעהויף און נאָכדעם האָבן די זעלמעניאנער אין די לאנגע ווינטערדיקע נעכט אומגעפער אזוי גערעדט און געכאָלעמט וועגן איר. דאָס איז געווען א מאָדנע טשיקאווע געשטאלט פאר דעם ווינטערדיקן רעבזעהויף.

דער רעבזעהויף האָט זיך שוין קוים ארויסגעזען פון די הורבעס שניי. מעטעליצעס האָבן געדרייט און געוויט איבערן שטאָט. גאנצע נעכט האָט זיך געשטויבט טרוקענער שניי פון א טיף שווארצן הימל. א ווינט האָט זיך געכאפט פאר די ראָגן פון די שטיבער און לאנג געקלאָגט, נאָר אָן ווייטעק און אָן א מעלאָדיע.

דעמלט, אין אזא נאכט, טאָמער האָט זיך דערהערט ערגעץ פון הינטערן אויוון א פארשלאָפענער קאָל און דער דאָזיקער קאָל האָט געפרעגט אין דער וועלט אריין:

— וואָס זאָגט איר, ווי זי האָט עס אים פארפירט, דעם פעטפיק?!

דארף מען וויסן, אז דאָס איז אן אלטער זעלמעניאנער היפשע עטלעכע שאָ געשטאנענע הינטערן אויוון, געווארעמט די אלטע ביינער און אלץ געטראכט וועגן דער גראפיניע—די קאָנדראטיעווע, וואָס איז שוין דאָ פארזעלמעניאנעוועט געוואָרן, ניט ערגער, ווי דעם פעטער זישעס אלטע זייגערס, ווי דעם פעטער פאָליעס טרויעריק ווייבל.

---

8

# טויטן און קראַנקייטן אינעם רעבזעהויף

דער הויפּט־שטראָם, וואָס איז געגאַנגען אונטערן צייכן פונעם פּעטער זישע, איז אדאנק דער גייווע פונעם דאָזיקן ייִדן טיף פאַרקראָכן אין קראַנקייטן און ער אליין האָט, ווי באַוווּסט, געמוזט אפילו פאַרענדיקן מיטן טויט.

געווען פאַרשיידענע טויטן און קראַנקייטן אין רעבזעהויף. מענטשן האָבן זיך פאַרנומען מיט דעם, ווי מיט א פּראָסטער אַרבעט. די דאָזיקע לעצטע אַרבעט פון מענטשן האָט מען אפילו אָנגערופן מיט אן אייגענעם זעלמעניאנישן נאָמען. דאָס האָט געהייסן: אָפּזאָגן די עטלעכע גילדן.

ערשט דער פּעטער זישע האָט אַרייַנגעבראַכט אין דעם געביט א מיִעסע פאַרקריפּלונג, וואָס איז נאָכדעם אוועק בעירושע אין דער מישפּאָכע. און אויב דעם פּעטער זישעס סאָרט טויט ווייס מען נאָך דערווייל ניט, ווער עס האָט אים געיאַרשנט, האָט ער אָבער דעם סאָרט קרענקען איבערגעגעבן טאָניע דעם פּעטער זישעס און זי, ווי עס ווייַזן אַפּ דעם אסאך סימאָנים, אנטוויקלט די זאך ווייַטער און אַפּ אסאך פאַרוויקלטערן אויפן.

א מוסטער פון שטאַרבן האָט באַוויזן רעב זעלמעלע אליין, וואָס פון זיין טויט איז ניט פאַרבליבן קיין זייכער אין דער

מישפּאָכע. דאָס האָט אויסגעזען, ווי אַף אַ ברעטל איז אַמאָל גע־ווען עפּעס אָנגעשריבן און מע האָט עס נאָכדעם אָפּגעווישט. מע ווייס גאַנץ גוט, אַז ס'איז יאָ געווען עפּעס אַ רעכן זעלמעלע, מע ווייס אָבער ניט וויאַזוי ער איז ניט געוואָרן.

אביסל אַנדערש איז געשטאָרבן די באָבע באַשע.

די מײַלע פון איר טויט איז אָבער באַשטאַנען אָט אין וואָס:

ערשטנס, האָט זי מיטן שטאַרבן קיינעם קיין הארצווייטעק ניט פאַרשאַפט; צווייטנס, האָט זי עס דערפירט קימאַט ווי צו גאָרנישט. די זאַך איז געווען מער ענלעך צו אַ קליינעם קרעכץ פון אַ מענטשן, וואָס דאַרף זיך סאַפּקאָלסאָפּ אָפּרוען, און אויב זי האָט נאָך געהאַט אין זיך עפּעס יאָ אַ שטיקל נעשאָמע, דאַרף מען מיינען, אַז זי איז אין יענער מינוט פון איר אַרויס, ווי אַביסעלע רויך פון אַ קוימען.

ניט געקוקט אַף דעם, איז פאַראַן אַ מיינונג אין רעבזעהויף, אַז ס'איז נאָך געווען דעמלט אַ מעגלעכקײַט צו פאַלענגערן דער באָבעס יאָרן און דעריבער איז אַ ווי סטער ביזאָיען, וואָס מע האָט זי געלאָזן אויסגיין פאַר דער צײַט.

בא דעם האלט זיך, לעמאָשל, דעם פעטער פאָליעס שוויַיגנ־דיק ווײַבל, די, וואָס האָט נאָך אַ רײַכן אויסקינדלען זיך, מיט־אַמאָל באַקומען לאָשן.

פאָליעס ווײַבל גיט אָבער אָן גאַנץ אַנדערע סיבעס פאַר דער באָבע באַשעס טויט.

לויט איר, לעמאָשל, קומט אויס, אַז די באָבע איז ניט אַוועק פון דער וועלט אַף אַ נאַטירלעכן אופן, נאָר זי איז אַראָפּגע־פאַלן פון אַ טיש, וואָס פאַר אַן עלטערן מענטשן איז עס געוויַ־ליכן צום אַראָפּפאַלן פון אַ צענטן גאָרן.

דעם פעטער פאָליעס ווײַבל דערציילט:

די באָבע האָט פון שטענדיק אָן ליב געהאַט צו נעמען אַ קאַפּ,

ווער רעדט אין די עלטערע יאָרן — איז זי קעסיידער געלעגן באַ זיך אין בעט אונטערן קאָלדרע און געזשליאָקעט פון א גרויס שווארץ פלעשל.

אין יענער נאכט, דאָס הייסט, אין דער לעצטער נאכט פון איר לעבן, האָט זי ארומגעפּאַדעט אינדערפינצטער איבערן שטוב, געזוכט אין די שופלאָדן, ביז זי איז ניט ארופגעקראָכן מיט די לעצטע קויכעס אפן טיש, געעפנט דאָס טירל פון אלמער און לאנג געזופט פון א בײַכלדיקער, שווארצער פלאש, וואָס רעב זעלמעלע האָט אים, קענטיק, ניט באוויזן אויסצולײדיקן ביזן דעק.

דערנאָך איז זי אראָפּגעפאלן פון טיש און געשטאָרבן.

דעם פעטער פאָליעס ווײַבל דערציילט עס מיט א פינצטערער אקשאָנעס און מיסטאָמע מיינט זי עפּעס דערבײַ, וואָרום די דאָזיקע בייזע צונג ווייס גאנץ גוט, אז אירע רעוועליאציעס וועלן דאָ סאָפּקאָלסאָפּ קיינעם קיין קאָוועד ניט פארשאפן.

די מומע מאלקעלע שווײַגט, זי שאָקלט נאָר צו מיטן קאָפּ:

— אז דאָס הארץ איז שמאָל, איז דאָס מויל ברייט!

און דער פעטער איטשע זאָגט פראָסט:

— אן ארורע א ווײַב, האלט זיך אין לײַב.

*

עס דארפן נאָך פארשריבן ווערן לעדוירעס א פּאָר שיינע זעלמעניאנישע טויטן.

געווען א זעלמעניאנער בענדעט. ער האָט געוווינט ניט ווײַט אין א דאָרף קריזשעניצ, איז ער געשטאָרבן גאָרניט ווי א מענטש. דאָס איז געווען ווינטער און דער פעטער בענדעט האָט אין פראָסט געפּלאצט, ווי א ברעט.

די מומע נעכע, בענדעטס ווײַב, האָט זיך נאָכדעם פון שרעק איבערגעקליבן אין שטאָט. די מומע נעכע האָט זינט דעמלט

גענומען טראכטן וועגן דער נישטיקייט פון מענטשנס לעבן און זיך דעריבער באפרײַנדעט מיט דער מומע גיטעו.

א שיינעם טויט האָט דאָ אין גאס געהאט אויך איינער א מע־לאמעד... זײַן ווײַב איז שוין געווען פון פריִער געשטאָרבן, זאָגט ער צו די טאלמידים:

— קינדער, גייט א היים, און זאָגט דעם טאטן ער זאָל אָפּ־שיקן דעם סכארלימעד מײַן טאָכטער.

— פארוואָס עפּעס? — האָבן די קינדער געפרעגט.

— איר וועט שוין זען פארוואָס!

אז די קינדער זײַנען אוועק איז ער געשטאָרבן. די טאטעס פון די קינדער האָבן שיין באהאנדלט דעם געשטאָרבענעם מע־לאמעד און אָפּגעשיקט דעם סכארלימעד דער טאָכטער. דאָס איז עסטער, די שרײַבערקע פון די אפּאָרן, אויך דער מומע גיטעס א כאווערטע.

נו, און דאָס וואָס דער הויף שטארבט אָפּ? וואָס דעם פעטער יודעס דאך ווערט פארוואקסן מיט גרינע מאָך?

ביסלעכווײַז שטארבט ער אָפּ, דער רעבזעהויף. דאָ שטארבט אָפּ א קלאָץ, דאָ א וואנט, דאָ א קראָקווע פון א בוידעם.

*

א שווערן סאָף האָט, נעבעך, געהאט דער פעטער זישע.

דעם פעטער זישען האָט דער טויט א זעץ געטאָן, ווי מיט א האק איבער די וואָרצלען. דעם פעטער זישען האָט דער טויט א שלײַדער געטאָן מיטן פּאָנעם אין בלאָטע. ער האָט זיך דערמלט אויסגעצויגן מיט דער גאנצער גרייס איבערן הויף, א פּאָך גע־טאָן אפ אלעמען מיט וויסטן בעסוילעם, אז א סקרוך איז דורכ־געגאנגען איבערן לײַב.

דאָס איז געווען דעם פעטער זישעס לעצטע רישעס.

דאָס ערגסטע איז אָבער, וואָס ער האָט איבערגעלאָזנ נאָכ זיכ א רייעכ פונ רעפּועס אינ הויפ. קראנקייטנ זיינענ נאָכדעמ ארויסגעקראָכנ פונ אומעטום. אפילע דעמ פעטער פּאָליענ האָט אָנגעהויבנ ווייי טאָנ א צאָנ.

די ערשטע, לויט דער ליניע פונ קראנקייטנ, גייט סאָניע דעמ פעטער זישעס, וואָס האָט געיארשנט איר גרויסנ טאטנ אונ איז אוועק אפנ דערנער־וועג פונ כאלעשנ אונ זוכנ אינ זיכ פארבאהאלטענע קרענק.

## סאָניע דעמ פעטער זישעס

באלד נאָכ דעמ פעטער זישעס טויט האָט סאָניע גענומענ אָפּטער אונטערליגנ אינ בעט. פּאוועל אָלשעווסקי, דער זעלטענער מאנ, פלעגט איר פונ פאָלקאָמערד, ווו ער האָט געארבעט, שיקנ דורכנ טעלעפאָנ דאָקטוירימ אפ אהיימ.

אינ הויפ האָט מענ געמיינט, אז זי טוט עס צוליב ווייבערישנ כיינ אָדער עפשער פונ ווילטאָג, האָט מענ נאָכגעקוקט אונ באגיטיקט די זאכ.

דערנאָכ האָט זי אָבער געלאָזט וויסנ, ווי אמאָל דער טאטע אירער, אז זי איז א כוילאנעס אונ ס'איז בא איר ניט קיינ איבערגאנג. זי האָט געלאָזט וויסנ, אז זי האָט א „זשאבע" אונ דערביי פלעגט זי כאלעשנ אויכ.

געווענ א באזונדער שיינקייט אינ איר כאלעשנ, א שכּלער, נאָגנדיקער כיינ, אונ אלעמאָל האָט עס ארויסגערופנ בא פּאוועל אָלשעווסקנ דעמ געפיל, אז אָט פארלירט ער ענדלעכ זיינ ווייב. דעריבער, מיינט מענ, האָט זי טאקע דערהויפט געכאלעשט פאר זיינע אויגנ, וואָס עס האָט, פונ דער אנדער זייט, ארויסגערופנ א צווייפל אינ דער עכטקייט פונ אירע שלאפקייטנ.

דער פעטער איטשע, כאָטש ער האָט גענוג אייגענע צאָרעס,

פלעגט נאָך דער יעדיִע פון איר א נייַער כאַלאַשעס ארומגיין איבערן הויף און קוועטשן מיט די פלייצעס:

— א פּאָטעפּאַלנאָשטש פון א מענטשן!

סאָניע דעם פעטער זישעס ארבעט אין פּאַלקאָמפּין. דעם עמעס זאָגנדיק, גלויבט מען ניט צופיל דאָרטן אין אנשטאלט, אז איר „זשאבע" זאָל בא איר דארפן אָפּנעמען אזויפיל ארבעט־טעג. אגעוו, האָט סאָניע דעם פעטער זישעס, טוענדיק אזויפיל איבער זיך, נאָך ניט באוויזן צו דערוויַזן די דאָקטוירים גופע אין איר מאָדנער קרענק. פארשטייט זיך, אז די באציִונג פון די דאָקטוירים קאָסט איר אָפּ אפּדאָסניַי אסאך געזונט, נאָר זי האָפט, אז אפ איר דערנער־וועג וועט זי נאָך אמאָל אָנטרעפן יענעם פּראָפעסער, וואָס וועט זי פארשטיין און וועט בא איר ענדלעך פעסטשטעלן די „זשאבע".

דערוויַל פארשטייט זיך אפ איר נאָר דער מאן.

פּאַווליוק האָט שוין געכאפּט צוביסלעך אויך דעם גאנג וויִאזוי צו היילן זי; ער היילט זי מיט פּסיכאָלאָגיע.

ווען עס טרעפט מיט איר דער אומגליק, לאָזט ער ניט גיסן אפ איר קיין וואסער. סאָניע האָט עס ניט ליב. ער טוליעט זי איַין אין א קאָלדרע, גיט איר שמעקן פון א פלעשעלע און שושקעט איר אין אויערל צערטלעכע ווערטער, ביז זי קומט צו זיך.

דעמלט ערשט ווערט די קראנקייַט זייער טשיקאווע.

דעמלט עפנט זי, ווי פון שלאָף, אירע מאטע, בוילעטע אויגן און פלוצלונג, פון פרייד וואָס זי לעבט, אָדער פון עפּעס גלאט א דאנקבארקייַט צו פּאַווליוקן, דעם זעלטענעם מאן, כאפּט זי אים ארום פארן קאָפּ מיט אירע וווּנדערלעכע הענט און זיי בלייַבן פארגאנגענע אין איין גרויסן, איבערגעגעבענעם קוש אָן א סאָף און אָן א ברעג.

קלאָר, אז א זייַטיקער מענטש האָט שוין דעמלט ניט וואָס

צו טאָנ באַ זיי אינ שטוב. דער זײַטיקער מענטש פאַרקוקט זיך אפנ וואַנט, ער פאַרוויכערט אַ פּאַפּיראָס אונ, סאָפּקאָלסאָפּ, כאַפּט ער זיך אַרויס אַ צעפּלאָשעטער אפנ גאַס.

דעמלט פאַרשווערט זיך דער זײַטיקער מענטש, אַז קאָלזמאַנ ער לעבט, וועט ער ניט איבערטרעטנ די שוועל פונ אַ שטוב, וווּ עס זיצנ אַ מאַנ אונ אַ ווײַב אונ ס'איז פאַראַנ אַ כשאַד, אַז זיי האָבנ זיך ליב.

אַמאָל איז דער פּעטער איטשע בײַגעווענ באַ דעם דאָזיקנ סאָפּ פונ כאַלאָשעס, איז אים צוגעפאַלנ אַ גרויסע נימגוטקײַט אונ ער האָט אַ וואָכ צײַט ניט געקענט נעמענ קײנ ביסנ אינ מויל אַרײַנ.

אַגעוו, דערציילט מענ שטילערהייט אינ רעבזעהויפ, אַז דער פּעטער האָט דעמלט באַ סאָניענ אינ שטוב געהאַט אויסצושטיינ אַ ביטערנ קאַמפ. נאָכ סאָניעס גוטער כאַלאָשעס האָבנ זיך די זעלמעניאַנער פלוצלונג אַ וואָרפ געטאָנ אפ אים, אַלעמײַ ער גייט ניט אפ דער פאַבריקע.

פאַרוואָס עפּעס?

אינ רעבזעהויפ קומענ אופ די דאָזיקע קריגערײַענ אומגע־ריכט, ווי אַנ אינוויינִיקסטע זאַווערוכע.

פּעטער איטשע האָט זיך דעמלט, פאַרשטייט זיך, געוווּרט מיט גאָר די קויכעס. ער האָט געקעמפּט ווי אַ לייב, אונ סאָפּ־קאָלסאָפּ האָט ער אויסגעשפּיגנ פונ רעציכע אונ איז אַנטלאָפנ.

---

# 9

## דער לעצטער שנייַדער

אָבער איינמאָל, אין א ווינטערדיקער נאכט, האָט מען ענדלעך געבראָכן דעם פעטער איטשעס אקשאָנעס און ער האָט ביס־לעכווייַז גענומען נאָכגעבן וועגן גיין אפן פאבריק.

עס זייַנען געזעסן אין דער ווארעמער קליינער שטוב אלע— אי טאָנקע, אי פאלקע, אי בערע, אי די מומע מאלקעלע.

אינדרויסן האָט געגליט א פראָסט. דער געהורבעטער שניי, ווי פארגליווערט אין א שפרונג, האָט אריינגעלויכטן אין די פענצטער מאט־בלוי, אָן ריר, אָן באוועגונג.

איז מען געזעסן איבערגעבויגן ארום טיש, געשלונגען די הייסע גלעזלעך טיי און גערעדט קורץ:

— ווער אן ארבעטער, נארישער ייִד!

— גענוג מיט דער קוסטארישער פסיכאָלאָגיע, פעטער!

— גענוג צו טאנדעטעווען!

— פערדן,—האָט ער געזאָגט,—איר זעט ניט, אז ס׳איז שווינדל און גאָלע ליגן. איך בין עלטער פון אייַך און כ׳האָב ניט געזען קיין פאבריקעס פאר שנייַדער.

— און אין אמעריקע? — האָט אים פאלקע גלייַך געכאפּט באַ אמעראצעס.

— דו ביסט געווען אין אמעריקע? גוילעם, וואָס ווייסטו פון אמעריקע?

— אז וואָס דארפן מיר אמעריקע, — זאָגט טאָנקע, — גייט צו און טוט א קוק, איז ניטאָ קיין פאבריקע וועט איר קומען צוריק.

— איך האָב ניט וואָס צו קוקן, — האָט ער א זאָג געטאָן מיט זעלמעניאנישער אקשאָנעס.

— איז וואָס, ביסטו דער איינציקער קלוגער? — האָט זיך גרייַלעך פּאָרזיכטיק ארייַנגעמישט די מומע מאלקעלע.

דער פעטער איטשע איז געזעסן בלייך. זינט מען האָט זיך דאָ אין הויף א נעם געטאָן צו אים, האָט ער מיטאמאָל אופגעהערט צו זאָגן ווערטלעך, שוין אביסל צו אייַנגעשפּארט גענומען ארומשווייַגן דעם ווייטעק נאָך דער שיינער, גרויסער שנייַדערייַ, וואָס גייט דאָ מיטן יעדן טאָג אונטער. ער האָט געבלאָנדזשעט מיט די אויגן איבערן שטוב, געזוכט ערגעץ א קוק פון מיטלייַד, נאָר געזען האָט ער אומעטום בלויז דעם שווארצן אייַזערנעם קוימען פון דער ניי־פאבריק, וועלכע דארף אים ארייַנעמען און איבערקאָכן.

— א דייַגע וועמען, — האָט ער א זאָג געטאָן, — אז ס'וועט נאָך ערגעץ בלייַבן אן אלטער שנייַדער אפּ א רעפּוע.

און געוואָרפן דעם לעצטן בעטנדיקן בליק צו דער מומע מאלקעלען. זי האָט געשוויגן. די מומע מאלקעלע, הייסט עס, האָט אים אויך פארראטן:

— זייַ ניט קליגער פון דער גאנצער וועלט, — האָט זי געזאָגט.

ער האָט זיך אופגעהויבן מיט א פינצטערן פּאָנעם, געבראכט שווייַגנדיק דעם אייַזן, די שווערע שנייַדערישע שער, אויסגע־

זוכט אַלע פינגערהויטן פון די וועסטל־קעשענעס און אוועקגעלייגט אויפן טיש:

— נאט אייך, וואַלד־גאַזלאָנים!

און צו דער ווייב האָט ער זיך אַ קער געטאָן מיט פייכטע אויגן:

— ווייסט, אַפּ דיר, מאַלקע, האָב איך זיך דאָס ניט געריכט!

דער פעטער האָט שוין פאַרקוועטשט די באַקנביינער און געשוויגן מיט יענעם גרויליקן שווייגנס פון דער מישפּאָכע, וואָס דערמאָנט אָן דער ביטערער שטילקייט אַפּ ווינטערדיקע סטעפּעס און אַ סוואָרע, אַז דאָס דאָזיקע שווייגעניש, וואָס רעב זעלמעלע האָט איבערגעלאָזן אין דער מישפּאָכע, האָט ער טאַקע מיטגע־בראַכט מיט זיך פון דאָרטן, ערגעץ פון „טיפ ראַסיי״.

*

עס פינקלט אַ גאָלדענער שטערן באַם קוימען.

מיטן שאַריען אַפּ טאָג איז דער פעטער איטשע אוועק אַפּן פאַבריק. דאָרטן איז שוין געווען אַלץ פאַרטיק. מע האָט אים צוגעשטעלט צום קאָנוויייער אַרויסציִען די פּאַסטריגעס פון אָנקו־מענדיקע שטיקער מאַנטלען. דער פעטער איטשע האָט אָנגעטאָן די שפּאַקולן. ער האָט אַ גאַנצן טאָג געטונקט די פינגער אין מויל, געצויגן די פעדעמער און מיט אַ טיפן ביטל געקוקט פון אַריבער די גלעזלעך אַרום זיך.

דער צעך האָט אויסגעזען, ווי אַ זאַל, אַ וויאָרסט די לענג. פּראָזשעקטאָרן האָבן געוואָרפן שיין אַפילע אונטער די טישן און אַ נאָדל ערגעץ אַפּ דער פּאָדלאָגע האָט אָפּגעלויכטן אַזוי קאַלט און בוילעט, פונקט ווי זי וואָלט געלעגן דאָ אַפּ דער פלאַך פון האַנט.

ווייט, אין אַ ווינקל, האָבן געפּאַרעט שווערע דאַמפּ־פּרעסן,

גרויסע שנײַדערישע מאַשינעס, און אַרבעטער מיט פּאַרקאַשערטע אָרעמס האָבן באַוועגט די דאָזיקע הייסע קאָוואַדלעס, וואָס האָבן אָפּגעגעבן מיט מאַטע, טוכענע קרעכצן.

דער פּעטער איטשע האָט באַלד געגומען ציִען מיט דער נאָז אַהין, צו דער זײַט פון די פּרעסן — דער רייעך איז געגאַנגען פון דאָרטן אַ גוט־באַקאַנטער, אַן אייגענער שנײַדערישער רייעך.

דאָס איבעריקע איז דאָ אַלץ אויסגעקומען פרעמד.

שטיקלעך מאַנטל זײַנען געשוועמען אין קאָנווייער פון אָרט צו אָרט און מיסטאָמע האָט זיך ערגעץ יאָ געקלעפּט פון די שטיקלעך אַ בעגעד, דער פּעטער האָט זיי אָבער בעשומויפן ניט אויסגעפונען. ער האָט געקוקט מיט כשאַד אויף די צאַפּלענדיקע הונדערטער פלאַכע הענט, מיט די לאַנגע, ביינערדיקע פינגער, מיט די פּירקאַנטיקע שנײַדערישע נעגל; געהיט זיי, די פרעמדע כיטרע הענט, ווי מע היט אַ גאַנעוו:

— צי נאַרט מען דאָ אַמאָל גאָרניט אויף דעם גלויביקן מענטשן?!

דער פּעטער איטשע האָט געפאָרשט די זאַך. צום סאָף טאָג האָט ער טאַקע אָוועקגעטראָגן מיט זיך אַהיים אַ פעסטע מיינונג, וואָס איז באַשטאַנען קימאַט פון הוילע פראַגעס:

— אָט דאָס זײַנען באַלמעלאָכעס?

— אַזוי פאַרוואַרפט מען אַ פאַך?

— אַזוי העלפט מען דאָס דעם אָרעמען מענטשן מיט סאָציאַליזם?

פאַר דער מומע מאַלקעלע איז ער נאָכדעם געזעסן אַ שטיק מאָרעשכוירע, מיט אָן אַ שיר צווייפלען און אומקלאָרע געדאַנקען, און געקוקט האָט ער אויף זיך מיט ווייטעק, ווי אויף אײַנעם, וואָס האָט זיך אַ גאַנצן טאָג געפונען אין גענאַר און איצטער מוז ער גוימל בענטשן.

איין זאַך איז שוין אָבער פאַר אים געווען קלאָר, אַז ער,

איטשע דער שניידער, איז צו די עלטערע יאָרן גרעפּלעך נידע־ריק געפאלן. היינט האָט ער ערגעץ צווישן א גרויסער מאשינעריע געצויגן אכט שאָ נאָכאנאנד פאסטריגעס, וואָס, ערשטנס, האָט ער ניט צוליב ציין פאסטריגעס אָפּגעהאָרעוועט א לעבן און צווייטנס לייגט זיך אים ביכלאל ניט אפן סייכל, אז פון אזא געניי זאָל עפּעס ארויסקומען.

די מומע מאלקעלע האָט זיך פאר אים מאָדנע געשראָקן, וואָ־רום ער האָט דערביי אויך געטיינעט, געזיפצעט און קעסיידער געשאָלטן די גאנצע וועלט.

זי האָט גערעדט צו אים ווייך.

אז זי האָט אָבער פאָרט געוואָלט עפּעס פון אים ארויסבאקו־מען, האָט ער זיך פלוצלונג צעשריגן מיט רעציכע:

— בעהיימע, אז מע זעט דאָך קיין מאנטל ניט!

— פארוואָס?

— פאר דאָס... די קייטעלע, א רועך אין איר מאמען אריין!

מע דארף זיך מעשאער זיין, אז געמיינט האָט ער עס דעם קאָנווייער, וואָס ציט זיך, ווי א קייטעלע—א רועך אין זיין מא־מען אריין—כאפּט פון אונטער אלעמענס הענט ארויס די שטי־קער בעגעד, שלעפּט זיי און קלעפּט זיי און מאכט דערפון א דאמסקן מאנטל.

— א מאלבוש האָט האָלט פאנטאזיע!—האָט ער שטרענג אָפּ־געפאסקנט.

אָ, וועמען זאָל עס איינפאלן, אז ער, דער פעטער איטשע וואָס האָט אזוי גרינג איבערגעקאָכט פרעמדע צאָרעס, וואָס ער האָט געקענט קריכן ווי א קליין יינגל, צום פעטער זישען אונטערן פענצטער כאפּן א קוק אף זישעס ניט יידישן איידעם, וואָס ער האָט מיט א פריילעכן געמיט, קימאט טאנצנדיק, אראָפּ־גענומען אלע איבערטאָג צאלקע דעם פעטער יודעס פון דער

טליע, וואָס ער איז, ענדלעך, געגאַנגען אפילע צו דעם אייגענעם זון אפ א ניט־געמאכטער כאסענע, נאָר קעדיי צו נעמען א קאפ, — ווען זאָל עס איינפאלן, אז ער וועט מאכן אזוינע געוואלדן, ווען סע וועט אויסקומען אים אליין אביסל אָפּטרייסלען און אוועקשטעלן אפ א פאבריק?

סע קערט זיך כוישעך.

פארן שלאָפּ האָט דער פעטער איטשע ווידער געשריִען, אז ער דארף האָבן א וועק־זייגער, אניט פארשפּעטיקט ער צו דער ארבעט.

שטילערהייט זיינען דעמלט אָנגעקומען אפולע שטוב זעלמעניאנער, זיך צוגעזעצט און מיט א שטומען הארצווייטעק געקוקט ווי דער פעטער איטשע טוט, נעבעך, אויס די מאלבושים און לייגט זיך שלאָפן. די מומע מאלקעלע האָט זיך מיטאמאָל אוועקגעשטעלט קאָכן הייסע טעפּ, און צוליב וואָס ווייס מען ניט, מיסטאָמע פון צעטומלטקייט.

און דער פעטער איטשע איז סאָפּקאָלסאָפּ איינגעשלאָפן. די ארומגעשאָרענע אלטע גאָמבע איז געלעגן שטייף צו דער קאָלדרע און די גרויסע, פליישיקע זעלמעניאנער נאָז האָט הויך געטארטשעט מיט א טיפן פאריבל אפ דער וועלט.

*

געשטאָרבן דער לעצטער שניידער, דער אלטער ייִדישער שניידער מיט דעם בערדעלע, מיט די דינע שמייכלענדיקע ברעמען און מיט די אויסגעטריקנטע פינגער.

געשטאָרבן דער באָרוועסער קארטאָפל־שלינגער און דער גרויסער קינדלער, וואָס האָט זיך כארמערט, ווי גראָז, און פון יעדן שניידער איז לעכאָלאפּאָכעס געוואָרן צוויי.

געשטאָרבן דער פריילעכער ייִד, וואָס בא א שיסל שטשאווע

האָט ער געזונגען וועגן דעם גרויסן גליק אַז דער וועלט.

געשטאָרבן דער לעצטער שניַידער און צוזאַמען מיט אים די קראָם פון די זינגער־מאַשינעס און די הויכע פּויליש פרײַלן, וואָס איז דאָרטן געזעסן באַם לויכטנדיקן פענצטער, און געשטאָרבן איז דער אַגענט פון די זינגער־מאַשינעס, דער עסעראָוועץ מיט דעם בלאָנדן בערדעלע, דער פּיליזאָף און ווערטלזאָגער, וואָס האָט אַלע שאַבעס צונאַכט געשפּילט פאַר דעם גאַנצן שטעטל די „געברידער לוריע" און „פאַמיליע צווי".

געשטאָרבן יאַנקעוו־בויעזעס באַסיעכידע, וואָס האָט געשפּילט פּיאַנע, געקענט אי אַף העברעיִש, אי אַף רוסיש און מיט אַ באַזונדער כיין אַרײַנגעטראָגן אייראָפּייִשע שיינקײַט אין אונדזער לעבן.

געשטאָרבן דער לעצטער שניַידער, און דאָס נידעריקע שטיבל, און דער אַכטער לאָמפּ, און דער העברעיִשער לערער פון ערעץ יִסראָעל מיט דעם ברייטן שוואַרצן הוט און מיט דעם גראָבן באַרנ־שטעקן אין האַנט, דער שוויַיגנ־דיקער און אָפּגעלאָזענער, וואָס איז אומגעריכט אוועק צו־פוס צום סלאָנימער רעבן און האָט אַמאָל באַנאַכט פאַרענ־דיקט מיט זעלבסטמאָרד.

געשטאָרבן „עס עס" און „בונד" און דער באָכער, וואָס האָט געזונגען: יאָמע יאָמע, שפּיל מיר אַ לידעלע...

10

# ווינטער

דער ווינטערדיקער אָוונט ליגט קלאָר אונ שטייַפ, ווי אנ ארומגעדאָלבעטע שטיק צוקער אונטערנ בלויענ הימל. עמעצער האָט דאָ מיט שארפע דלאָטעס אויסגעטעסעט פונ צוקער די באנאכטיקע שטאָט. אדורכנ פענצטער גליווערט מיט אלע זייַנע פארשנייטע העלצער אונ פלעקענער דער רויִקער רעבזעהויפ.

די לעוואָנע איבערנ הויפ הענגט, ווי א קאלטער רובל.

ביז שפעט אינ דער נאכט זיצט טאָנקע בא דעמ גרינעמ אבאזשור איבער פאפיר־בויגנס—מעסט, רעכנט אונ שרייַבט ארייַנ שטייַפע ציפערלעכ:

אינ בעט ליגט דאָס קינד אָנ א טאטנ. דאָס קינד פלאפלט עפעס פונ טיפנ האלדז, וואָס איז גרייַלעכ ענדלעכ צו דעמ טיקענ פונעמ פעטער זישעס אלטנ וואָג־זייגער אפנ וואנט; ביסלעכווייַז ווערט עס שטילער, זינקט אייַנ צוריק אינ יענעמ קלעפיקנ דרעמל, פונ וועלכנ מענטשנ ווערנ געבוירנ.

טאָנקעס שאָטנ קריכט ארופ ביז אפנ באלקנ—דאָס בייגט זי זיכ אייַנ איבערנ טעלערל אפנ טיש אונ טוט א ביס פונעמ ברויט מיט די האָלענדער קעז.

דעם פעטער זישעס אַלטער וואָג־זייגער שלאָגט צען.

פּאָדזיכטיק עפנט זיך די גלעזערנע טיר פון דער שטוב אין טאַנקעס צימער און די מומע גיטע פירט אַרײַן עטלעכע ווײַבער. באַלד פונעם שוועל שלאָגט אָפּ מיט פרומקייט און ווײַבערשע סוידעס.

טאַנקעס שאָטן קריכט אַרוף ביז אָפן באַלקן—דאָס בייגט זי זיך איבער און גיט אַ זופּ פונעם אָפּגעקילטן גלאָז טיי.

— גוטן אָוונט!—זאָגן אַלע דרײַ ווײַבער מיטאַמאָל.

קענטיק, אַז זיי זײַנען געקומען מיט אַ באַשטימטער דייע. פאָרויס גייט אַ ייִדענע מיט אַ לאַנג מעליק פּאָנעם, מיט אַ הויכער קוקלע און מיט אַ שוואַרצער שאַל אָפן קאָפּ.

— ס׳איז שווער,—זאָגט די ייִדענע מיט דער הויכער קוקלע,— צו געפינען פאַר אַן איינפאַכער פרוי די פּאַסיקע ווערטער אום צו ריידן מיט אַ הויך־געבילדעטער פרײַלן, ווי זיי זײַנען. זיי דאַרפן וויסן, דאָס מיר האָבן אויך געלערנט אין אונדזערע יונגע יאָרן, אָבוואָל מיר זײַנען אַלט געוואָרן פאַר דער צײַט פון איינ־ שווערן קינדבעט...

טאַנקע פרעגט:

— צו וואָס, איר קענט דאָך ריידן פּראָסט ייִדיש?

אָט דאָס זאָגט זי. לאָזט זיך אָבער אויס, אַז דאָס ווײַבל קען ניט פּראָסט. דאָס איז אַ שרײַבערקע פון אַפּאָרן—עסטער. זי האָט געלערנט אַ דאָר ווײַבער שרײַבן שורע־גריס און פירן אַ שיינעם שטאַט, איז ריידן איידל איר בלוט און פּאַרנאָסע.

זי איז איצט אַרבעטלאָז—איצט רעדט זי איידל נאָר פון ליבע צו דער שיינער אומגעקומענער זאַך.

— מיט אַן אַנדער שפּראַכע,—זאָגט זי,—קען איך ניט, זאָגאַר מיט עלטערע ווײַבער.

איז טאַקע אַ היפּשע ווײַלע שלעכט. דאַכט זיך, אַרויסגעשטעלט

וויסנשאפט קעגן וויסנשאפט, נאָר צו אַלעמענס פאַרוווּנדערונג האָט זיך גאָרניט באַקומען.

טאָנקע איז א גראָבע זאַך.

וויבאלד אזוי, וויבאלד, הייסט עס, מען איז א פינטעפּליושקע, דארף מען מיט אזא ריידן אנדערש.

— מיר ווילן וויסן,—זאָגט די שאמעסטע פון דער אלטער קלויז,—ווער איז דער טאטע פון אָט דעם קינד?

— אזוי גאָר?!

דאָס מיידל האָט זיך אפּאָנעם גוט צעקאָכט. דאָס איז געווען גוט קענטיק. די ווייבער האָבן זיך אויך גענומען איבערקוקן מיט אסאך פרומקייט און מיט אביסל שרעק.

— און דו מיינסט וואָס?—טוט א זאָג די אלטע קלוגע נעכע,— מע דארף באַרויקן די אלטע מאמע...

טאָנקע קוקט אף איר און שווייגט.

— זע, וואָס ביסטו בא זיך אזוי געפאלן?—פרעגט שוין די מומע נעכע מיט מיטלייד.

דעמלט ענטפערט זי:

— דער טאטע פון אָט דעם קינד איז א גוטער באָלשעוויק. ער האָט געשאָסן אסאך יידן-ספעקוליאנטן...

— זע, טאָכטער, וואָס איז מיט דיר?—וווּנדערט זיך אף איר די מומע נעכע.—דו מיינסט, אז סע טרעפט אן אומגליק, דארף מען זיך נעמען און א מייסע אָנטאָן? אָט האָט אמאָל בא אונדז דעם פאָפס טאָכטער אויך געהאט א מאמזער, האָט מען גענומען אָפּגעשטעלט א כאשלערע און פארטיק. עמעס, איצטיקע יאָרן מיט די פראָפעסיאָנאלנע איז אביסל שווערער, אָבער מירן זען, מירן טאָן. קען זיין, אז ס'וועט זיך נאָך מאכן א שטילער באָכער אויך. די וועלט עקט זיך ניט. לעמיי זאָלסטו אָבער ארומגיין און שרייען: דער טאטע איז א באָלשעוויק, געשאָסן מענטשן,

וואָס ביסטו באַ זיך אַזוי געפאלן? ווארט, און ווער איז דער טאטע—א גוי?

טאָנקע שאָקלט נעבעך מיטן קאָפּ:

— יאָ.

— א גוי א שמוי,—לאכט זיך אָבער אויס די מומע נעכע,— דו נאריש קינד, וויבאלד קיינער ווייס ניט, זאָג בעסער, אז ער איז א ייִד, און א שיינער ייִד. ווי פארשטייסטו דאָס ניט? דו פארשווארצט דאָך דער מאמעס דאָס פּאָנעם.

טאָנקע לאכט. זי הייבט זיך אוף פלוצלונג פון אָרט. מיט ביידע הענט דריקט זי די מומע נעכעס האנט:

— איר זײַט, קענטיק, זייער א פרומע ייִדענע און זייער אן ערלעכע ייִדענע,—זאָגט זי.

און די מומע נעכע איז גערירט:

— זעט איר,—ווענדעט זי זיך צו די ווײַבער,—אז זי איז דאָך גאָרניט אזא צעלאָזענע, ווי מע רעדט. ווארט, און ווי רופט מען דײַן טאָכטער?

— יוליאנא.

— יוליאנא שמוליאנא, דאָס געפעלט מיר שוין אויך ניט. דו נאריש קינד, וויבאלד קיינער ווייס ניט, זאָג בעסער, אז דײַן טאָכטער רופט מען סאָרעלע אָדער לייִנקע, אָדער גאָלדעצקע, ווי דו ווילסט. און דו זאָג, אז דו האָסט געמאכט א שיינעם מאזלטאָוו, געווען אסאך געסט און אפן טיש איז געשטאנען פון אלדאָסגוטס. לעמײַ זאָל מען דיך באריידן, אז דו שפּאָרסט אָפּ פון קינד? אזוינע זאכן דארף קיינער ניט וויסן.

— נימאנד!—טוט די שרײַבערקע פון די אפּאָרן א מאך פארן מויל מיט איר לאנגער אויסגעשריבענער האנט.

דערנאָך האָבן זיי צו איר גערעדט שטילערהייט, קענטיק וועגן ווײַבערשע זאכן. עס האָט זיך געהאנדלט וועגן נעמען כאלע,

וועגן צינדן ליכט און וועגן נאָך עפּעס אַזוינס, פון וואָס טאָנקע איז מאָדנע רויט געוואָרן. די ווײַבער אַרום איר האָבן גערעדט אַלע מיטאַמאָל, געוועזן קענטיק גוט באַהאַוונט אין דער זאַך. דאָס מיידל האָט זיך אָבער אַ הייב געטאָן און געזאָגט:

— איר ווייסט וואָס, ווײַבער? — לאָזט מיך גאָר צורו!

נאָר דאַפּקע דעמלט, אין דער הייסער מינוט, האָט זיך אין שטוב אַרײַנגערוקט אַ מאַנצביל. ער, צאַלקע דעם פּעטער יודעס. ער האָט אַרײַנגעבלאָנקעט אין טיר אַ פאַרשלאָפענער, מיט אַ פאַרדרייט שניפּסל, מיט איבערגעבראָכנטע געדאַנקען אויפן אַש־גרויען פּאָנעם.

די ווײַבער זײַנען שטום געוואָרן. בלויז די מומע נעכע איז פּלוצלונג ווידער געפאַלן אין אַן אומגעריכטן געדאַנק:

— הער, טאָכטערקע, — האָט זי גענומען שעפּטשען טאָנקען אין אויער, — עפּשער וואָלסטו גאָר אַ טראַכט געטאָן וועגן אים? וועגן דעם פּעטער יודעס באָכער? אַ גאַנץ פײַנער יונגערמאַן, אַביסל איבערגעלערנט, אַהער־אַהין, וועט מען עס פאַרײַבן. וואָס זאָגסטו, האַ?

און איידער טאָנקע האָט נאָך באַוויזן צו באַטראַכטן די זאַך, האָט שוין נעכע צונויפגענומען די ווײַבער, געטריבן זיי פון צימער:

— קומט, ווײַבער, לאָזט די יונגע לײַט אַביסל פאַרברענגען...

דעם פּעטער זישעס אַלטער וואָג־זייגער האָט געשלאָגן האַלב־צוועלף. די מומע גיטע איז שוין טײַווי געשלאָפן אין שטול, איצט איז זי נאָר אַוועק צו זיך אין בעט אַרײַן.

אָפּן וווּנק פון דער מומע נעכע זײַנען אָבער די ווײַבער ניט צעגאַנגען זיך, כאָטש עס איז שוין געווען גענוג שפּעט. אין ווינקל, בײַ דער גלעזערנער טיר, האָבן זיי זיך אײַנדערפינצטער

אראָפגעזעצט ערגעצ אפ קאַלטע זעק קאַרטאָפל אונ געבליבנ וואַרטנ אפ די ווייַטערדיקע טשיקאַווע געשעענישנ.

אדורכ די בלוי פארשטארטע פענצטער האָט אריַינגעקוקט א שטיק ווייַסע פלייצע פונעמ רעבזעהויפ.

די אלטע שאמעסטע איז באלד אייַנגעשלאָפנ, די מומע נעכע אויכ נאָכ איר, בלויז עסטער, די שרייַבערקע פונ די אפאָרנ, איז אריַינגעפאלנ נאָר אינ א האלב אומרויִקנ דרעמל.

עסטער, די שרייַבערקע פונ די אפאָרנ, האָט געזענ פאר די אויגנ מאָדנע געציקלטע אויסיעס. זי האָט געזענ געדרייטע גימלענ מיט אָנגעשוואָלענע בייַכער, פעסט־אויסגעבויטע טעסנ, ווי טורעמס, לאמעדנ מיט פאריסענע דריידלעכ, ווי שלאנגענ.

זי האָט געזענ אנ איידעלנ אלעפ—איבערגעריסנ אפ העלפט.

דאָס איז געווענ א קאָשמאר. די שרייַבערקע פונ די אפאָרנ איז באשלאָגנ געוואָרנ מיט אנגסטנ אונ זיכ אופגעכאפט פונ שלאָפ.

די טיר פונ טאָנקעס צימער איז געשטאנענ אביסל אָפנ, עטוואָס גרינגע ליכט האָט זיכ אריַינגעגאָסנ אויכ אהער אינ צימער. אונ דעמלט האָט זי געהערט דייַטלעכ, וואָס די צוויי אדעליקע קינדער ריידנ.

צאלעל דעמ פעטער יודעס:

דער פענצטער פונ מייַנ צימער גייט ארויס אינ צאָפנ־זייַט. פאר די לעצטע כאדאָשימ האָב איכ געזענ, ווי ס'האָבנ זיכ איבערגערוקט אפנ צאָפנדיקנ הימל היפשע עטלעכע שטערנ. קענטיק, אז אומעטומ קומט פאָר א באוועגונג. אלצ גייט. אלצ ענדערט זיכ. בלויז איכ, צאלקע דעמ פעטער יודעס, שטיי אפ איינ אָרט.

טאָנקע דעמ פעטער זישעס:

ניט ריכטיק, אז דו שטייסט אפ איינ אָרט. ס'איז אָבער

אַ פֿראַגע צי דו וואַקסט, צאַלקע. ניט גוט מיט דיר. דײַן געדאַנק איז געגאַנגען עפּעס איבערקערן און האָט זיך דערווײַל אַלײן איבערגעקערט.

צאַלעל דעם פּעטער יודעס:

הערסטו, איך מײן, אַז די צײַט איז שולדיק, אונדזער צײַט איז אַ שלעכטע.

טאַנקע דעם פּעטער זישעס:

צײַטן זײַנען ניטאָ קײן שלעכטע.

צאַלעל דעם פּעטער יודעס:

אַזוי גאָר? ווײס איך ניט, נאָר עפּשער ווײסטו, טאַנקע, וואָס קומט דאָ מיט מיר פֿאָר?

טאַנקע דעם פּעטער זישעס:

פֿאַראַנען צווײ וועגן צו דער דיקטאַטור פֿונעם פּראָלעטאַריאַט: דער וועג פֿון אַן אַרבעטער און דער וועג פֿון אַזאַ אינטעליגענט, ווי דו. דער אַרבעטער גײט אױף דעם דאָזיקן וועג אָרגאַניש, אָן קאַטאַסטראָפֿעס. דער קלײנבירגערלעכער אינטעליגענט קומט צו דער דיקטאַטור פֿונעם פּראָלעטאַריאַט דורך קאַטאַסטראָפֿעס, דורך פֿאַרלירן זײַן גלויבן, דורך סקעפּטיציזם, דורך אָפּזאָגן זיך און צווײפֿלען — דורך איבערגעבורט. נאָך די גרויסע שלאַכטן האָט די רעוואָלוציע איבערגעלאָזן היפּש פֿאַרווונדעטע אין די בעטן אױף אויסהײלן זיך.

צאַלעל דעם פּעטער יודעס:

בין איך, הײסט עס קראַנק. זאָל זײַן אַזוי. פֿאַרשטײסטו כאָטש, אַז איך בין אומפּריכטיק. װען איך שרײַ?

טאַנקע דעם פּעטער זישעס:

נאָר וואָס־זשע קומט דיר פֿאַר דער אומפּריכטיקײַט, צאַלקע? אַ בורזשויִ פֿאָדערט ערלעכקײַט, אַ באַלעבאַטיש ווײַבל — פֿרײַ־לעכקײַט, אַ יונגער בוכהאַלטער — שײנקײַט, אַ רײַכע פּוסטפּאַס־

ניצע—קלוגשאפט אונ א קליינבירגערלעכער אינטעליגענט—אופ־ ריכטיקײַט, אופריכטיקײַט...

די מומע נעכע האָט זיכ א הייב געטאָנ א פארשלאָפענע פונ די קארטאָפל, געהאט האָט זי אפולע נאָז מיט שטויב:

— עסטער, וואָס הערט זיכ דאָרטנ?

— זיי ריידנ די שענסטע וואָ־טנ פונ דער זשארגאָנישער שפראכע.

— צוליב וואָס טוענ זיי דאָס?—פרעגט אומרויִק די מומע נעכע.

— אומ צו פארברענגנ, ווי אדעליקע קינדער, אינ קיסע אונד געשפרעכנ.

— וואָס איז דאָס קיסע, עסטער?

— קיסע—דאָס איז קושנ.

— קושנ זיי זיכ?—האָט זיכ נעכע פלוצלונג אויסגעטשוכעט.

— ניינ. דיזעס נישט.

— הײַנט וואָס זאָגסטו?

— דיזעס—ענטפערט עסטער מיט פארבענקטע אויגנ,—זאָג איכ צוליב שיינהײַט.

---

## 11

# ווײַטער וועגנ ווינטער

די שטאָט, א געגאָסענע אינ שניי, ליגט אינ איינ געהויקערטנ שטיק אפנ האָריזאָנט, ווי בא א גרויסנ, בלויענ פענצטער.

אפ די טעלעגראפ־סלופעס פלאצנ פונ קעלט די גרינע גלע־זערנע שיסעלעכ. די לופט—ריינער ספירט. סיווע אײַז־קאָלטנס הענגענ אראָפ פונעמ רעבזועהויפ, ווי בערד פונ וואסערפירער.

בלויז אפ דעמ פעטער יודעס יאָנטעוודיקנ דאכ איז דאָ נײַס: ארופ ביז צומ קוימענ ציִענ זיכ שפורנ פונ דרײַ פינגערדיקע לאפ־קעס—דאָ איז פארטאָג דורכגעגאנגענ א פויגל.

עס רוקט זיכ ניט ארויס קיינ איינ פליישיקע נאָז פונ די שטיבער, מאכמעס אינדערפרי האָט מענ אונטער די קאָלדרעס גע־הערט, ווי ס'האָט געפלאצט פונ פראָסט די לעצטע גאנצע ברעט פונעמ רעבזועהויפ.

בערעט א שווארצער פאצאנ, קענטיק א קומענדיקער אמונד־סעג, האָט פונ באגינענ אָנ געעטעמט אפ א שויב אונ איצטער האָט ער אדורכ דעמ אויסגעפארעטנ רעדל אינ גלאָז דערזענ: בא א בויעג דאכ האָט זיכ קוים גענומענ שטויבנ טרוקענער שניי, פונקט א קאצ וואָלט דאָרטנ געגראבלט מיטנ פיסל.

ער האָט באַלד אַרופֿגעכאַפּט דעם טאַטנס שטיוול, אַראָפּגערוקט דאָס היטל איבער די אויערן און געמאָלדן:

— פּאַרטיק, ס'הייבט זיך אָן א מעטעליצע!

— ווו, גוילעם?

כּײַעלע האָט אַרײַנגעקוקט אין פענצטער און זיך פּלוצלונג דערמאָנט: בײַם אירע ווינטערדיקע ליבעס מיט בערעגן, האָט מען אין הויף פֿאַרויסגעזאָגט, אַז פֿון איר טראַכט וועט עפּעס אַרויס־קומען א קאַלטער שטערנזעער.

— א מעטעליצע! — האָט איבערגעכאַזערט דער יאַט, — סע בלאָזט פֿון צאָפֿנדיקן פּאָליוס.

עטלעכע שנייעלעך זײַנען אַראָפּגעפּאַלן פֿון הימל, אין ברעג דאַך האָט דאָס ווינטל געגראַבלט און דער שניי האָט זיך שוין געשאָטן אַף אַרופ. פֿון א געזימס איבער א פענצטער האָט זיך אַראָפּגעשאָטן אַביסל זילבערנע שטויב. דעם פעטער יודעס יאַנ־טעוודיקער דאַך איז טונקעלער געוואָרן.

דעמלט האָט זיך פֿון מיט גאַס אויפֿגעהויבן א הויפֿן שניי און זיך אַליין צעבלאָזן. עס האָט א שאָט געטאָן פֿון די דעכער, א הורבע שניי איז אַראָפּגעפאַלן גלײַך פֿונאויבן, ווי פֿון א לאָך אין הימל. אינדערלופטן האָט זיך עפּעס געגומען קוליען, א מוט־נעם יאָג געטאָן פֿון הינטער א ראָג מיט א וויעענדיקן געהויל.

דער שניי האָט שוין געדרייט, פאַרקלעפּט די ווענט, אַרײַנגע־שאָטן אין די בוידעמער, און ס'האָט זיך שוין געריסן א צעפליק־טער נעפּל, א געדיכטער און א געפינטלטער, פֿאַרשמירט די וועלט און אַהינטער אים זײַנען די שטיבער שיטער געוואָרן, צעשווו־מען, ווי זיי וואָלטן געוועזן געבויט פֿון רויך.

די פענצטער האָט אַביסל אָפּגעלאָזן.

די זעלמעניאַנער האָבן אַדורך די שטאָק־מאַטע שויבן דערזען, ווי אין הויף, אין דער מעטעליצע, בלאָנקעט אַרום א מענטש.

ס׳איז געווען א שוואכער יונגערמאן, קענטיק אן אודרושליווער, צונגעשפארט אפ א שטעקן. דער שניי האָט אים פארשמירט ס׳פּאָנעם, ארומגעקלעפּט דעם גריגן איבער־בעגעד הארט צום קערפער, דוכט זיך, ער האָט דאָ עפּעס געזוכט אן אָרט ווו צו קענען אָפּעטעמען.

דעמלט איז אָבער פּאַליעס ווייבל ארײַנגעלאָפן צו כוּעלען איין שטוב מיט א שפּאָגל נײַער רעוועליאציע:

— קעפּ וואָס איר זײַט, ווייסט איר ניט ווער דער מענטש איז?

— א שטייגער ווער?—וויל מען טאקע וויסן.

— ס׳איז דאָך דער געלער שנײַדערקעס מאן, דער, וואָס האָט די דער...

און די בייזע צונג האָט באלד אפן אָרט אויסגעטראכט, אז דער אודרושליווער יונגערמאן זוכט פאלקען, וואָס האָט אים פארפירט זײַן ווײַב, די געלע שנײַדערקע. איצט ליבנדיק זיך איין דעם יונג, קען אים די ווײַב ניט רויק אויסהאלטן. דער יונגערמאן נייטיקט זיך אָבער איין וויגאָדע, וויל ער בעטן פאלקען, ער זאָל אפ אים ראכמאָנעס האָבן און אויב ס׳איז פאר אים, פאר פאלקען, ניט צו שווער,—אָפּוואַרטן מיט דער ליבע ביז זומער.

— פּײַן פון אײַער זון, ניטאָ וואָס צו ריידן!—האָט זיך פּאָליעס ווײַבל געוואָלט דערווײַל צעקריגן מיט דער מומען.

די זעלמעניאנער האָבן געשוויגן, כאָטש אלע האָבן געוווסט אז די געלע שנײַדערקע איז א מאמע פון זעקס קינדער. זיי האָבן זיך בלויז צוגערוקט נעענטער צום פענצטער.

דער יונגערמאן איז שוין אָבער ניט געווען. ס׳האָט זיך גע־בויטעט דער הויף פאר די אויגן, ווי א מוטנער וואסער, גע־טראָגן זיך און געשווומען איין שנייִקע וואָלקנס.

דעמלט האָט געדויערט א ווײַלע אפ איבערטראכטן די זאך און

די זעלמעניאנער האָבן אָנגענומען די גאנצע מײַסע פאַר א וויס־
טער זעונג פון דער מעטעליצע, א כאָלעם, וואָס באַלעגאָלעס
זעען אונטערוועגנס, ווען זיי פארבלאָנדזשען אין א זאווערוכע,

*

א שאָד די פייגלשע לאַפּקעס אפּן פעטער יודעס דאַך.

עס האָט אויסגעזען, ווי א קאַלטע סרײַפע. דער שניי האָט זיך געדרויכערט; אונטן, אַפּ דער ערד, האָט ער זיך איבערגעטראָגן אין שאַרפּ געשליפענע בערגלעך איבער די פארשיידענע ערטער פון הויף. אפּן מויער האָט זיך געוואָרפן אן איבערגעראָסטע רינע, געסקראָבעט אָן וואנט, ווי אן אָפּגעפליקטער דאַשעק איבערן פּאָנעם פון א קליינעם רעב זעלמעלע.

מיט די פּוסטע פּירהויזן, מיט די פארפּאַפּטע שויבן, האָט דער הויף ארויסגעשטעקט פון דער מעטעליצע, ווי אן איבערגע־קערטע שיף.

דעם פעטער איטשעס שטאַל פון האָלץ, וואָס האָט א דעכל פון שיטערע דראַניצעס, און אָנשטאָט ווענט—לעכער פון פאַר־שיידענעם אויסזען, איז ניט אײַנגעפאַלן בלויז צוליב דעם, וואָס דער שטאַל האָט אַדורכגעלאָזן די זאווערוכע דורך זיך. עס האָט זיך דאָרטן געטרייסלט אונטערן שניי א ברעג פון אן אַלטער ראָ־גאָזשע, און אַפּ א שטעקן איז געהאַנגען עפּעס אַזוינס, וואָס איז אַמאָל געווען א מאַנצבײַלשע העמד. דאָס איז געהאַנגען צעפּליקט, אין איבערגעפּוילטע פאַסן און געפלאַטערט ווהין דער ווינט האָט געטריבן.

סע שיט און שיט.

דעמלט איז צאַלקע דעם פעטער יודעס ארויס אין הויף. ער איז ארויס אינעם הוילן רעקעלע, מיטן אָנגעשטעלטן קאָלנער און געטרייסלט זיך פאַר קעלט.

פון אומעטום האָט געשפּריצט איבער אים מיט שנײַדיקע מאַטע פונקלעך, ווי פון א גרויסער שלייף־מאַשין.

— דאָס גייט ער האָבן דעם מאָגן! — האָבן מאַנכע זעלמעניאַ־נער געפּרוווט טרעפן.

פאַרשטייט זיך, אַז ניט.

צאַלעל דעם פעטער יודעס האָט זיך אָקאָרשט אופגעהויבן פון צווישן די ביכער. ער שרײַבט אָט דעם ווינטער אַן אַרבעט וועגן דער שפּראַך פון מענדל לעפּיג. עמעס, אַז ער האָט שוין אופגעהויבן א גרויסן מאַטעריאַל, כאָטש עס גיט זיך אים נאָך ניט אײַן צו פאַרייניקן אין איין גאַנצקייט די פאַרשיידענע שטאַנד־פונקטן.

ער האָט זיך אָקאָרשט אופגעהויבן פון צווישן די ביכער און איז אַרויס דורכלופטערן די געדאַנקען איבער די זעלמעניאַנישע שטיבער.

סע שיט און שיט.

בא דער מומע גיטע אין שטוב איז שטיל. אפן טיש — א טע־לערל מיט ביינדלעך פון א פלאָטשע, א געעפנטער קאָנווערט און א בוך — ריקאַרדאָס „געלט”.

די מומע גיטע שטייט אפּ א בענקל לעבן פּאָליצע פון די מאַכזיירים און זוכט עפּעס א סייפערל. די מומע גיטע, ווי באַ־וווסט, קוקט אַרײַן אין א סייפער פון צײַט צו צײַט.

— גוטמאָרגן, מומע! — זאָגט צאַלקע נאָכדעם ווי די מומע האָט זיך אפילע ניט אומגעקוקט.

— גוט מאָרגן, גוט יאָר! — ענטפערט די פרומע מומע מיט דער פאַרטראַכטקייט און רויִקייט פון יענע קליינשטעטלדיקע ראַבאָנים, פון וועלכע זי שטאַמט.

בא דער מומע גיטע אין שטוב איז שטיל.

דאָס סוידעספולע מיידעלע אין וויג האָט א גראָב נעזל. דאָס

מיידעלע איז פארדעכטיק בלאָנד. צי איז מעגלעך, אז טאָנקע האָט געטראָגן אין זיך בלאָנדקייט פון ערגעץ א ווייטער באָבען און נאָכדעם האָט זיך עס ארויסגעוויזן אין איר טאָכטער?

צאלקע דערקענט פלוצלונג אפן פיצל פענעמל עפעס א באַקאנטן אָנבליק. סע טוט א זעץ אין הארצן, און עפשער צוליב דעם קען ער זיך שוין ניט דערמאָנען דעם דאָזיקן אָנבליק ביזן סאָף. ער גייט צו צום טיש און נעמט דעם קאָנווערט צו די ברילן: דער שטעמפל איז פון פעטראָפּאוולאָווסק אַף קאמטשאטקע.

דעמלט איז צאלעל דעם פעטער יודעס ארויס פון דער מומע גיטע און איז אוועק איבער די זעלמעניאנישע שטיבער.

סע שיט און שיט.

די זאוועראָכע הערט געדיכטער. פון די צעפליקטע נעפלען רוקן זיך ארויס ווייסע, האָריקע לאפעס. דעם פעטער איטשעס שטאל פון האָלץ זעט אויס, ווי א מירמלנער שלאָס. פלוצלונג ווערט ערגעץ אין דער מעטעליצע א גרוב אָן לופט, אָן רוימ, אָן קאָליר. צאלקע קריכט פון דער גרוב, ווי פון א ברונעם, און פארלירט די ברילן פון נאָז.

— מאכט צו די טיר!—שרייט מען אים נאָך.

— א צוגווינט, וויי איז מיר!

— דאָס לאָזט ער אומישנע ארויס די ווארעמקייט פון די שטיבער.

בא דעם פעטער איטשע אין שטוב איז שטיל.

דער מאָרעשכוירעדיקער ייִד, דער מומע מאלקעלעס קאָרעווי, זיצט באם פענצטער און קייט עפעס. אונטערן בעט שטייט דער אייזן־באשלאָגענער קופערט. אינעם אָפענעם טאפטשאן שלאָפט געשמאק פאלקע דעם פעטער איטשעס. ער איז פארמורזשעט, פארשמירט אין אייל. פאלקע דעם פעטער איטשעס איז איצט

געהילף־מאשיניסט אף דער עלעקטרעסטאנציע. ער ארבעט באנאכט און שלאָפט באטאָג.

איצט ליגט ער אונטער דער אראָפּגערוקטער קאָלדרע מיט א צעכראסטעט הארצ. אף דעם מאָגערן, איינגעפאלענעם הארצן, איז אויסגעמאָלט מיט שווארצע שטעכ דאָס בילד פון א באיאָרנטער פרוי מיט צעפּ און מיט גרייזלעכ גרויסע ברוסטן. אפילע צאלעל דעם פעטער יודעס האָט דעמלט א טראכט געטאָן:

— די קאָנדראטיעווע!

דאָס איז א מאטראָסקע זאכ,—דערקלערט אים דער ברוקירער.

פאלקע איז א שווערער פעפער, אים איז גאָרניט אזוי לייכט אופצוועקן. צאלעל האָט געגומען שלעפּן פון אים די קאָלדרע:

— הער, ווענען האָט טאָנקע אף קאמטשאטקע?

קיינעם ניט,—טוט פאלקע א רייד פון שלאָף און קערט זיכ איבער צום וואנט.

— היינט ווער שרייבט איר בריוו פונדאָרטן?

— ווער?—פאלקע ענטפערט פון יענער וועלט,— מיסטאָמע בראָווקע...

און איז ווידער פארזונקען אין זיין ניט אָפּגעשלאָפענער נאכט, ווי א האק זינקט אראָפּ אין וואסער.

ווער ווייס, עפשער שלאָפט ער און זעט אין כאָלעם די געלע שניידערקע אָדער איינע א מיידל כאנעלע, וואָס ער גייט מיט איר אין קינאָ, נאָר דעם פעטער פּאָליעס ווייבל ווייס נאָכ ניט פון דעם.

דעמלט איז צאלקע דעם פעטער יודעס ארויס פונעם פעטער איטשע און איז אוועק איבער די זעלמעניאנישע שטיבער.

— מאכ צו די טיר!—שרייט מען אים נאָכ.

— א צוגווינט, ווי איז מיר!

— איי, ער לאָזט מיר ארויס די קאצו!—שרייט כייעלע.

נאָר צאלעל הערט שוין קיינעמ ניט. ער בראָדיעט אינ שניי, ער פארשווינדט אינ די קעסלגריבער פונ דער מעטעליצע, פאלט אונ הייבט זיכ אופ, אונ אוועקגעטראָגנ שיינ ווייט, ווייט אויסערנ הויפ, טראכט ער נאָר וועגנ איינ זאכ:

— צי איז ניט אמאָל דער יונג בראָווקע, אפנ וועג קיינ קאמטשאטקע, אדורכגעפאָרנ וולאדיוואָסטאָק?

*

א כוישעכ אונ א וויוגע.

פינ הינטער א דאכ טוט א פלאצ פונ דער פינצטער מיט א הורבע שנייעלעכ, קוימ באלויכטנ פונ א שאָקלענדיקער אָפשיינ פונ א לאמטערנ אפ דער דריטער גאס. ערגעצ פונ א זייטיק פארווייעט געסל קריכט צומאָל ארויס א לעבעדיקע געשטאלט, איז עס פארקניפט, פארקוטעט מיט קאָלדרעס אונ פאטשיילעס, אז סע הינקט צוריק ארייִנ אינ דער מעטעליצע, ווי א קייַלעכדיקער כייפעצ.

דער ווינט שאָרבעט איבער די גאסנ. פלוצלונג טוט זיכ א שאָט איבער דער שניי ביז אריבער די פלענקנער אונ אונטנ באווייזט זיכ דער נאקעטער ברוק.

שוינ עטלעכע טעג, ווי טאָנקע קומט ניט אהיימ אפילע אינ אָוונט. גאנצע נעכט בא א קליינעמ שרייבטיש זיצט זי, רויכערט פאפיראָסנ אונ דיקטירט א באריכט פאר א פלענומ פונ פאָלקסקאָמיסאריאט. הויפנס שניי קלעפנ זיכ אינ די שווארצע שויבנ. די מאשיניסטקע לעבנ איר, פארוויקלט אינ מאנטל, מיט פארשטארטע פינגער, האָט שוינ פארלאָרנ דעמ גלויבנ, אז דאָס מיידל וועט וועגנ ניט איז זי אָפלאָזנ אהיימ.

דער קייַלעכדיקער שווערער זייגער אפנ וואנט שלאָגט צוועלפ.

ערגעצ ריַיסט דער ווינט א בלעכ פונ דאכ, וויעט אינ די וויסטע אומענדלעכע קוימענס פונ אנשטאלט.

פלוצלונג דערזעט טאָנקע, ווי קעגניבער, אינ דער פארווייע־טער שויב, האָט זיכ אריַינגעקלעפּט א בלייכ פּאָנעם; די וויִעט פונעם לענגלעכנ אָפּגעצערטנ פּאָנעם זיַינענ פאוקלעפּט מיט שניי.

טאָנקע האָט אימ דערקענט אויכ אָנ זיַינע ברילנ — דאָס איז צאלקע דעמ פעטער יודעס.

זי איז צו צומ פענצטער. ער איז אראָפּגעשפּרונגענ אינ טיפנ שניי, אפ אלע פיר אריַינגעקראָכנ צוריק אינ דער זאווייע, אונ געבאָמבלט האָט זיכ איצט בא אימ אינ קאָפּ א שטיקל פונ עפּעס אנ אנדער ווייטעקדיקנ געדאנק:

— אָט דאָס מיידל, אָט דאָס מיידל, וואָס איר גאנצ לעבנ איז ארבעט, וואָס איז ערשט געקומענ צופאָרנ אונ האָרעוועט שוינ דורכ טאָג אונ דורכ נאכט...

# 12

# זעלמעניאדע

א וויסנשאפטלעכע אויספאָרשונג וועגנ דער טעכנישער קולטור, קענטענישנ, סגולעס אונ אויכ אנדערע זיטנ אונ געוווינהייטנ פונעמ רעבזעהויפ, צוזאמענגעשטעלט אונ באארבעט לויט די נאָטיצנ פונעמ יונגנ וויסנשאפטלעכנ טוער צאלעל כוואָסט, א געבירטיקער פונעמ זעלביקנ הויפ.

## ארײַנפיר

דער רעבזעהויפ איז געגרינדעט געוואָרנ אינ 1864 דורכ איינעמ רעב זעלמעלע כוואָסט, א ייִד, נידעריקער ווּקס, א מעשטשאנינ, וואָס איז אָנגעקומענ אהער פונ „טיפ ראסיי". ער האָט פארלייגט דעמ יעסאָד פונ זעלמעניאנישנ הויפ, באזעצט אלע שטיבער אונ, לעבנדיק פונ קליינער קוסטארערײַ, אָפגעזונדערט, האָבנ נאָכדעמ די זעלמעניאנער אינ א מעשעכ פונ עטלעכע דוירעס געשאפנ אנ אייגענע באציִונג צומ לעבנ.

פאראנ סימאָנימ, וואָס ווײַזנ דײַטלעכ, אז די זעלמעניאנער האָבנ אָפגעקליבנ ניט נאָר ספּעציִעלע טעכנישע געצײַג אינ

קאַמף פאַר זייער עקזיסטענץ, נאָר זיי האָבן זיך אויך צוגעפּאַסט אַן אייגענע מעדיצין, אַן אייגענע געאָגראַפיע, זאָאָלאָגיע, באָ־טאַניק און אין אַ געוויסער מאָס אַפילו געענדערט די שפּראַך לויט זייערע באַדערפענישן.

לויט אונדזער מיינונג, וואַרפט דער אופטו פון די זעלמעניאַ־נער אַ שיין אויף דער מענטשלעכער טעטיקייט ביכלאַל, און דע־ריבער איז אומבאַדינגט נייטיק פעסטצושטעלן די גרענעצן פון דער מאַטעריעלער און גייסטיקער אַרבעט פון די דאָזיקע מענטשן.

I

## טעכנישע קולטור פונעם רעבזועהויף

די טעכנישע געצייגן פונעם רעבזועהויף זיינען:

אַ האַק, אַ מעסער, אַ זעג, אַ הובל, אַ סטופּע, פּאַסטקעס פאַר מייז, אַ קאַראָמיסל, אַ רידל, אַ ניי־מאַשין, אַ פינגערהוט, שפּאַ־קולן, נאָדלען, אַ לאָמפּ, אַ לאָם, אַ שפּאַקטיוו פון אַ זייגער־מאַכער, אַ ריבאייזן, צווענגלעך, קאָטשערעס, זאַסלינקעס, סקאָ־ווערדעס און טעפּ.

דער באַליבטער מעטאַל אינעם רעבזועהויף איז ק ו פּ ע ר.

די דאָזיקע טשיקאַווע דערשיינונג מוז נאָך אויסגעפאָרשט ווערן באַזונדער. אַ פּאָליצקע טאַמע אונטערן באַלקן מיט גע־שייערטע קופּערנע טעפּ און פענדלעך איז אַ צייכן פון גרויס־לעכער שעפע.

ליידער, זיינען נאָך דער מילכאָמע די אַלע פּאָליצקעס גע־בליבן ליידיק.

*

אַ טעמפּע האַק, אַ טעמפּער מעסער, טעמפּע טשוועקעס.

די טעמפּקייט פון די געצייג האָט מיסטאָמע געווירקט אויף דער

פסיכאָלאָגיע און צווישן די זעלמעניאַנער קען מען טרעפן — א טעמפּן קוק, א טעמפּן קאָפּ, טעמפּע אקשאָנעס.

רעב זעלמעלע פלעגט זומער, באַם שאַריען אַף טאָג, ארויס־גיין אין הויף אין הוילע גאַטקעס און מיט גאָר די קויכעס טראָגן מיסט אַף א רידל. אַן אײַזערנער לאָם איז געווען בא דעם פעטער זישען. דאָס וויכטיקסטע געצײַג פאַר דעם אופהאַלט פונעם רעבזעהויף איז אָבער סאָפּקאָלסאָפּ א ריבײַזן. אַדאַנק דעם דאָזיקן ריבײַזן זײַנען אַנטשטאַנען די באַוווסטע זעלמעניאַ־נישע קאַרטאָפל־טייגעכצן.

בא כײַעלען איז דאָ א פּרימוס. דער ערשטער, וואָס האָט אײַנגעפירט א פּרימוס, איז צאַלקע דעם פעטער יודעס און דע־ריבער האָט מען לעכאַטכילע געהאַלטן א פּרימוס פאַר א באָכע־רישע זאַך.

בערע האָט אופגעשלאָגן א בריוו־קעסטל בא זיך אַפן טיר.

בא דעם פעטער פאָליען איז פאַראַן א זילבערנע סאָל־ניצע, האַלט ער זי אָבער פאַרשלאָסן בא זיך אין קעסטל.

אַמאָל איז בא רעב זעלמעלען געהאַנגען אַף אַן אײַזערנער קייט א גרויסער מעשענער הענג־לײַכטער, ווי אין א בעסמעדרעש, ער האָט עפּשער געוועגט א פוד, נאָר די דײַטשן האָבן אים צוגענומען.

כײַעלע האָט א ניקלנע בעט.

מע זאָגט, אַז בא עמעצן פון די זעלמעניאַנער איז דאָ אויך א זילבערנער לעפל, אָבער יעדנפאַלס אין געברויך זעט מען עס ניט.

די עלעקטרע האָט זיך אַרײַנגעריסן אין רעבזעהויף אַף א רעוואָליוציאָנערן אופן.

די אַכטער לאָמפּן האָבן געהאַט באַלויכטן מיט א גע־

מיטלעכער שײַנ די טישנ אונ שטיקלעכ ווענט פונ די שטיבער אינ אָט דעמ געדיכטנ, קלײנעמ פלעק פונ שטוב האָבנ מענטשנ אינ די ווינטערדיקע נעכט געגאָסנ אינ זיכ די פראָסטע גלעזלעכ טײ אונ געפילט דעמ ווינטער, די נאכט, דעמ גאנג פונ די שווערע זעלמעניאנישע בלוטנ,—איז אָנגעקומענ די קאלטע שײַנ פונ דער עלעקטרע, די טויטע שײַנ, שיר ניט ווי בא א גלי־וואָרעמ, אונ אָפּגענומענ סאָפּקאָלסאָפּ די האנאָע פונ לעבנ. דער מענטש איז געוואָרנ אדורכגעלויכטנ אפ דורכ אונ דורכ.

דעמלט זײַנענ עס פאָרגעקומענ די גרויסע קאמפנ ארומ עלעק־טרע.

פונדעסטוועגנ האלטנ די זעלמעניאנער ביז אפ הײַנטיקנ טאָג, אז מע באאחלט זײ: עס גײענ ארומ קלאנגענ, אז אינ פאָרשטאָט שיקט מענ אָפּ די ערגערע עלעקטרע, אָט דאָס, וואָס בלײַבט איבער אפנ דעק פונ קעסל.

פאלקע האָט אײַנגעפירט *ראדיִאָ*.

נאָכ די אלע מילכאָמעס זײַנענ אינ רעבזעהויפ אופגעהיט גע־וואָרנ *צוועלפ שווערע קופערנע קענדלעכ*.

עסטער, די שרײַבערקע פונ די אפאָרנ, וואָס קענ, דאכט זיכ, קײנ צווײ ניט צײלנ, האָט זיכ אויכ אירע פאָר קופערנע קענד־לעכ אונ *א שטויסל*.

II

## מעדיצינ אינ רעבזעהויפ

די וויכטיקסטע טרופע צו קראנקײַטנ איז *א הײסע טוכ*.

ניט אומזיסט שטעלט מענ זיכ קאָכנ טעפ, ווי נאָר א געפאר אינ רעבזעהויפ.

א הײסע טוכ איז צו קאָפּווײטעק, צו צאָנווײטעק, צו בויכ־ווײטעק אונ צו הארצווײטעק.

ווער פון די זעלמעניאַנער איז שוין ניט געלעגן אונטער דער הייסער טוכ? עפשער דער איינציקער פעטער פאַליע, נאָר אים האָט שוין סאָפּקאָלסאָפּ אויכ ווי געטאָן א צאָן.

א הייס פלעשל וואַסער—צום בויכ, צו רעמאַטעס, צו היצ.

אַן איידעלע רעפּוּע איז וואַרעניע.

וואַרעניע נעמט מען, ליגנדיק אָנגעשפּאַרט אַפּ איין האַנט, מיט א קליין לעפּעלע פון א ספּאָדיקל, דערביי ציט מען אויס איידל דעם קליינעם פינגער פון האַנט.

וואַרעניע איז צו כאַלאָשעס, צו א קימפּעט, צו האַרצווייטעק צו שרעק.

ווייסע כאַלע—צו א היצ־קרענק, פאַר א קימפּעטאָרן, פאַר א שקראָפּעליטשנע.

כיילע דעם פעטער יודעס איז געווען א שקראָפּעליטשנע, נאָר זי האָט לייפּיערעכ געגעסן זייער ווייניק כאַלע.

הונ—פאַר א קימפּעטאָרנ.

א פלוים אָדער עטלעכע קאַרשן גיט מען א קליין קינד ווען סע ברעכט זיכ, עסט ניט און וויל ניט וואַקסן.

לעקעכ—פאַר א כאָלוש, פאַר א סעדונ, פאַר אַן אַלטער יידענע צו טונקען אין בראַנפן.

אונגערווייַנ—פאַר א קימפּעטאָרנ.

א קאַנע—א פּראָסטע פּושקע מיט א לאַנגער גומענער קישקע און מיט א שוואַרצ קראַנדל באַם עק. דעם דאָזיקן מאַכשיר האָט איינגעפירט די מומע העשע, וואָס האָט געליטן, זאָגט מען, אַפּ אצירעס. די מומע העשע איז ביכלאַל געווען א נאָכגעגע־בענע. מיט איר טויט איז אָבער דאָס מאַכן קאַנעס אויכ אָפּגע־שטאָרבן אין הויפּ.

די זעלמעניאַנער נייטיקן זיכ ניט אין אַזא גרויסער מאַשינ

פאר אזא קליינער קראנקייט. די פושקע וואלגערט זיך ערגעץ אפ א בוידעם [1]).

III

## זעלמעניאנישע געאָגראפיע

נוירָאָק. די מומע כייע־מאטלע מיט איר מאן וווינען שוין דרייסיק יאָר אין נוירָאָק. זי איז אוועקגעפאָרן אין אמעריקע, נאָר זי האָט זיך בעסער באַזעצט אין נוירָאָק.

וולאדיוואָסטאָק. באַם סאמע ברעג פון יאם. די שטאָט, ווו די שיליועס זיינען געפאָרן, ליגט נאָך עפשער ווייטער פון ערעץ יִסראָעל אָדער אפילע עשטרייך.

דער פעטער פאָליע איז געווען א געפאנגענער אין עשטרייך. דאָס איז א סאָרט דייטשן.

מיידלוויַז איז די מומע גיטע געפאָרן מיט אירער א טויבלעכער קרוויווע, א רעבעצן, אין קעניגסבערג צו א דאָקטער. דאָרטן האָבן זיי געזען דעם בעסטן סאָרט דייטשן. די דייטשן צייכענען זיך אויס דערמיט, וואָס זיי ריידן זייער איידל.

די מומע מאלקעלע דערציילט, אז זייענדיק א קינד, איז זי געווען אין ווילנע. זי האָט געזען אין א פענצטער א מעשענעם פאנצער און דעם ווילנער גאָען. וועגן דעם גאָען האָט זי, פארשטייט זיך, א טאָעס געהאט, מיסטאָמע איז עס געווען א קלענערער ראָוו מיט אסאך שאמאָסים הינטער זיך.

כוץ דעם זיינען דאָ אף דער וועלט—די וואַרעמע לענדער און די קאלטע לענדער.

---

[1]) די מומע גיטע, וואָס האָט אין זיך עפּעס פון א קיידער, האָט מיטגעבראכט אין רעבוזעהויפ א גאנץ אנדער סיסטעם פון רעפּוּעס, זי היילט מיט שפינוועבס, מיט האָר פון א קאץ, מיט האשטאָנע א. א. וו. דאָס איז א גאנץ אנדער גייסט, וואָס האָט צום רעבוזעהויפ קיינשום שייכעס ניט.

אין די דאָזיקע צוויי סאָרטן לענדער געפינען זיך די העל־פאנדן, אפעלצינען, לולאָווים, לייבן, הירשן, און שווארצע מענטשן. ליידער, איז עס אָבער ניט מער ווי האלבע ווירקלעכ־קייט. שיידים צום ביישפיל, זיינען ווירקלעכער פון יענע שווארצע מענטשן; ליובעזניק איז ווירקלעכער פון א העלפאנד.

דאָס באליבטסטע לאנד איז „ט י פ  ר א ס י י״: פונדאָרטן שטאמט דער גרינגדער פון דער מישפּאָכע־רעב זעלמעלע.

„טיפ ראסיי״ איז א געבענטשט לאנד, ווו ס׳איז שטענדיק זומער. די טוווע אפן פעלד איז ביז איבערן קאָפּ, דערהויפט ווייצנס.

פון דאָרטן פלעגט מען אמאָליקע יאָרן ברענגען קאווענעס אָפּ יאָמנאָראָים. אין „טיפ ראסיי״ וואקסן טוווע־סאָכרים און גרויסע פּי־הענדלער.

*

אין רעבזעהויף ווייס מען נאָר אין גרונט פון דריי פעלקער: ר ו ס ן,  פ א ל י א ק ן,  און  פ ו י ע ר י ם.

נעמען פון אנדערע פעלקער בויען זיך אין מויעכ מיט א גוואלדיקער אומבאשטימטקייט. עס איז, צום ביישפיל, זייער שווער צו זאָגן, וואָס איז דער אונטערשייד צווישן גראפן און פראנצויזן. בא א זעלמעניאנער אין קאָפּ ליגן אין איין קופע: פירשטן, גראפן, דייטשן, פראנצויזן, סראָרעס, ענגלענדער, מלאָ־כים און אזוי ווייטער.

דער פעטער זישע האָט געהאט אמאָל צו טאָן מיט א גראף: ס׳קען זיין אָבער, אז דאָס איז א באָבע־מייסע, וואָס מע דארף זי נאָך אויספאָרשן.

דאָס איז געשען באלד נאָך דעם פעטער זישעס כאסענע. אין א ווינטערדיקער נאכט איז צום רעבזעהויף צוגעפאָרן מיט א

גלעקער־געקלאנג א פריצישער שליטן געשפּאנט אין דריי פערד. די מענטשן האָבן געפרעגט אפ א זייגער־מאכער. דעמלט האָט מען דעם פעטער אָוועקגעפירט אפ צוויי וואָכן.

באם גראפ אינמיטן שטוב איז געשטאַנען א גרויסער זייגער אונטער א גלעזערנעם צודעק. אלע שאָ פלעגט ארויסגיין א גאָלדענער האָן און אויסקרייען די צייַט. דעמלט האָט דער האָן אופגעהערט ארויסצוגיין. אז די גראפיניע איז אָבער פון הארצ־ווייטעק קראנק געוואָרן, האָט דער אלטער גראפ געשיקט נאָך א זייגערמאכער.

דער פעטער זישע איז צוויי וואָכן ארומגעקראָכן אין זייגער, ווי אין א גלעזערנעם כיידער. ער האָט געהאט דעם בעסטן קאָפּ און סאָפּקאָלסאָפּ אויסגעפונען די זייגערישע קרענק.

פונקט צוועלף אזייגער באטאָג האָט זיך באוויזן דער האָן און אויסגעקרייט.

די סימכע אין גראפס הויז איז ניט צו באשרייַבן. באנאכט האָט מען דעם פעטער זישען אוועקגעזעצט צוזאמען מיט אלע פירשטן און פראנצויזן בא איין טיש. דער פעטער האָט גאָרנישט ניט גענומען אין מויל צוליב טארפעס.

דעמלט איז דער גראפ געוואָרן שיקער און געגעבן דעם פעטער א הונדערטער, נאָכדעם איז ער געוואָרן נאָך שיקערער און געגעבן אים נאָך א הונדערטער. די גראפיניע האָט זיך אריַינגעמישט, אניט וואָלט ער אים עפשער אָפּגעגעבן דעם גאנצן פארמעגן.

אלזאָ, ניט אומזיסט האָט דער פעטער זישע א גאנץ לעבן נאָכדעם געקוקט אפ זיך, ווי אפ א ביסל א העכערן סאָרט מענטשן.

פאראן נאָך עפּעס א מין פּאָלק—ווענגערס. דאָס זייַנען צוויי מענטשן מיט ארשינען אין די הענט, מיט פעק אפ די

פלייצעס, וואָס האנדלען מיט טישטעכער. דאָס דאָזיקע פאָלק איז אונטערגעגאנגען, נעבעך, בייס דער מילכאָמע.

וועגן ציגײַנער ווייס מען אין רעבזועהויף. מע האלט אָבער, אז ס׳איז מער א באשעפטיקונג איידער א פעלקערשאפט.

IV

## זעלמעניאנישע זאָלאָגיע

דרײַצן פון די לעבעדיקע באשעפענישן זײַנען באוווּסט אינעם רעבזועהויף:

א פערד, א קו, א ציג, א שעפּס, א קאץ, א הונט, א מויז, א הון, א גאנדז, א קאטשקע, אן אינדיק, א טויב, א וואראָנע.

פון א כאזער ווייס מען ניט אפצולאָכעס.

מע דערציילט, אז די באָבע באשע האָט אמאָל געהאלטן א קו, דאָס איז שוין אָבער, אזוי צו זאָגן, פאָרגעשיכטע. דאָס איז א כאָלעם אָדער א באָבע־מײַסע, וואָס דארף נאָך אויסגעפאָרשט ווערן. גאנץ מעגלעך, אז דער באָבע באשעס קו האָבן די זעלמעניאנער אויסגעטראכט דעמלט, ווען זיי האָבן געגעסן פאָסטנע גרויפּן.

צוליב א הונ און א שויכעט איז די מומע העשע אומגעקומען פון דער וועלט.

פונדעסטוועגן איז די הון מיט איר שטילן כאראקטער שטארק ארײַנגעפּאסט אינעם רעבזועהויף, ניט ערגער, ווי א ריבײַזן. שטענדיק גייט ארום ערגעץ א זעלמעניאנישע הון און פּיקט בא די פונדאמענטן פון די שטיבער.

מע זאָגט, אז די באָבע באשע האָט צו די עלטערע יאָרן אויך אויסגעזען, ווי א הון.

אינערגעצ האָט מענ ניט אומגעבראכט אזויפ'ל מײַז ווי אינ רעבזעהויפ.

דער פעטער איטשע ווארפט אינ זײ שײַטלעכ האָלצ; עמעס, ער טרעפט דאפקע אינ די געפעס, אָבער דערפאר ציטערנ פאר אימ די דאָזיקע מיִעסקײַטנ איימעס מאָוועס. ערגער איז מיט כײַעלע דעמ פעטער יודעס. דערזעט זי א מויז, שפרינגט זי ארופ אפנ טיש, נעמט זיכ קלאפנ אינ הארצנ אונ שרײַט מיט א געוויינ:

— אקישו אקישו

ניט אומזיסט איז זי אזוי צוגעבונדנ צו איר ראבער קאצ.

באנאכט, אויב סע פאלט נאָר אביסל שײַנ פונ דער לעוואָנע אפ די פאָדלאָגעס, קריכנ ארויס די גרעסטע מײַז, שטעלנ זיכ אפ די הינטערשטע לאפקעס אינמיטנ שטוב אונ מיט די פאָ-דערשטע כאפנ זיי שיטערע שטראלנ פונ דער לעוואָנע אונ שטופנ איג מויל ארײַנ.

מע זאָגט, אז זיי עסנ דאָס.

א ווארָאָנע איז א נאָמענ, וואָס פאסט נישט שלעכט פאר אלע שווארצע פייגל.

פאראנ א פייגעלע, שטענדיק טרעפט מענ עס אפ די דעכער פונעמ רעבזעהויפ. דאָס איז א גרוי פראָסט פייגעלע—א וואָראָביי. די זעלמעניאנער קוקנ אפ דעמ אונ זעענ עס ניט, ווי זיי קוקנ אפ דער לופט אונ זעענ זי ניט. זיי האָבנ אפילע ניט קיינ נאָמענ פאר דעמ דאָזיקנ פייגעלע. צאלקע האָט עפעס יע אויסגעטראכט פאר דעמ א נאָמענ—שפערל. נאָר קיינער דארפ ניט דאָס פיי-געלע אונ קיינער דארפ ניט דעמ נאָמענ.[1]

---

[1]) פיפערנאָטער, לינדנווארעמ, בופלאקס, מויל-אייזל, וויזלטיר—אלצ כעעס פונ א גאנצ אנדער מינ, וואָס האָבנ צו רעבזעהויפ קיינשומ שײַכעס ניט.

V

## זעלמעניאַנישע באָטאַניק

### א בעריאָזע

VI

## זעלמעניאַנישע פילאָלאָגיע

דער טעמפּ פונעם אַרט ריידן אין רעבזעהויפ איז א באַדאַכטער און א לאַנגזאַמער. די זעלמעניאַנער דזשעקען. זיי זאָגן: דזשיר, זשעכטשיק, בוזשים.

קיין טראַפ־בילדנדיקער ל און נ איז ניטאָ אין דער שפּראַך. מע זאָגט: קליידול, מיידול, א רעגון, געגעסון, געלאָפּון.

די זעלמעניאַנער פאַרבײַטן דעם אַקוזאַטיוו פון צווייטן מינ אפן דאַטיוו. אַפ כײַעלעס קאַץ זאָגט מען: טרײַב אַרויס דער קאַץ פון שטוב. ווען טאָנקען: איך האָב איר האָלט ווי אויגנווייטעק.

צוליב אומפאַרשטענדלעכע סיבעס האָבן די זעלמעניאַנער געענדערט פאַרשיידענע ווערטער פון דער שפּראַך. צום בײַשפּיל: קוקסע אָנשטאָט קוקלע, ברוטשקע אָנשטאָט קרוטשקע, בלוטשקע אָנשטאָט וולוטשקע.

די זעלמעניאַנער זאָגן: טיין, פּלייס, סטאַרבן, סלאָפּן.

זיי זאָגן: ששייכל, ששרייפע, ששכירעס.

זיי זאָגן: רושעס.

באַזונדערס באַלערנדיק איז דער פאַקט, וואָס די זעלמעניאַנער שאַפן ביכלאַל אייגענע ווערטער, לעמאָשל: שיליוע, כוטשקע, פינטעפליוש, טריוואַלנער, בראַדזשידלע א. א. וו.

די דאָזיקע שפראכ־נעטיקייט שפארט פונ הויפ מיט א טעמ־
פער אקשאָנעס. שפראכ איז אנ אָנשטעקנדיקע זאכ אונ פאר־
שפרייט זיכ אויכ אויסערנ הויפ. די גרענעצ פונ זעלמעניאנישנ
לאָשנ ציט זיכ היינט צו טאָג פונ מיירעוו־זייט אונטער מינסק,
לאהויסק, סאמאכוואלאָוויטש, סמילאָוויטש אונ פאהאָסט צו סע־
לעצ, בא מאָליעוו, אונ ווייטער אינ דער מיזרעכ־דאָרעמדיקער
ריכטונג.

# 13

## גרויסע אומרוען אינעם רעבזעהויפ

שוינ צוויי וואָכנ, ווי סע דויערט די מעטעליצע.

די טירנ, אינעווייניק אינ די פירהויזנ, זײַנען אויכ פארווייעט מיט שניי. א קוימען אפ דער באָבע באשעס דאכ איז אײַנגעפאלנ, אונ, דאכט זיכ, נאָכ גאָר א גוטער קוימען געווענ.

די מעטעליצע דרייט סאמע איבערנ הויפ, ווי זי וואָלט פונדאנענ ארויסגעפלאצט, מאכט כאָרעוו די לעצטע איבערגעפוילטע קראָקוועס אונ וויעט גאנצע נעכט אינ די פארקלעפטע דובלטפענצטער, אינ די פארשנייטע בוידעמער.

פונ דער זאווערוכע קומענ פארשיידענע מענטשנ אונ זאָגנ אָנ אומגליקנ דעם רעבזעהויפ.

סאָניע דעמ פעטער זישעס איז קראנק. א מיידל האָט געבראכט וואָליקעס אונ א פעלצ פאר דער מומע גיטענ אונ זי מיטגענומענ אינ דער זאווייע צו סאָניענ נעכטיקנ.

באנאכט איז א פארקאלייעטער ייִד, דער שאמעס פונ בעסוילעם, ארײַנ צומ פעטער איטשע אונ אָנגעזאָגט, אז מענ האָט ארויפגעגאנוועט דעמ שטיינ פונ רעב זעלמעלעס קייווער.

די מאַציייווע האָט אָפּגעקאָסט א שטיק געלד.

דערנאָך איז פון שטאָט אָנגעקומען א יעדיִע, וועגן בערען. פון דער יעדיִע האָט געטראָגן וויסטע קעלט.

עס לאָזט זיך אויס, אז מיט בערען האַלט ניט גוט. עפּעס רוידעפּט מען אים דאָרטן, צי מע שלאָגט אים — דאָס ווייס מען נאָך ניט גענוי.

זינט דעמאָלט זיצן די זעלמעניאַנער בא די פאַרשאָטענע פענצ־טער און קוקן ארויס אין דער זאַווערוכע אָפּ א מענטשן מיט נייעס:

— צי קומט דאָ אמאָל ניט אום אין דער זאַווייע דער גאַנ־צער רעבזעהויף?

באגינען האָט זיך באוויזן אין הויף א דאָרפישער ייִד. פונעם ווייטן וועג האָט ער אויסגעזען בלויז, ווי א דורכגעפראָרענער בינטל בגאָדים. דער ייִד האָט געבראַכט א בריוול פונעם פעטער יודען צו זיין זון צאַלקע, געבעטן פאַר דער טירכע א טרונק וואַסער און איז נעלעם געוואָרן איידער מען האָט נאָך באוויזן מיט אים אויסצוריידן א וואָרט. און דאָ ווייזט זיך ארויס, אז דער פעטער יודע איז גאָר א נויטע לאָמוס.

עמעס, אין בריוול רעדט דער מעשוגענער פעטער נאָר וועגן הויכע זאַכן, אָבער ס׳האָט זיך בא אים אויך ארויסגעכאַפּט א וואָרט וועגן א שווערער קרענק. צאַלעל ווישט די גלעזלעך און שאָקלט מיטן קאָפּ:

— פון אזא קרענק שטאַרבט מען!

דאָס בריוול ליגט בא צאַלען אפן טיש. מע כאַפּט זיך אריין דורך דער מעטעליצע אָנקוקן כאָטש דעם פעטער יודעס קסאַוו. דאָס בריוול ליגט אפן טיש און סע לייענען אים אַלע, ווער ס׳פאַרשטייט נאָר עפּעס אין העכערע געדאַנקען.

אָט וואָס דער פּעטער יודע שרײַבט:

צום מײַן ליבן זון בעצאלעל פון זײַן פאָטער יודע, וואָס ווערט אָנגערופן אנדערש—יודע דער סטאָליער.

דער פּראָסטער מענטש, ווײַל ער האָט ניט וועגן וואָס צו ריידן, רעדט ער וועגן פּראָסטע זאכן; די גרויסע לײַט, די פּריצים, ריידן וועגן די איידלסטע ווײַנען און וועגן געיעג אָפּ פארשיידענע כײַעס און פויגל, אָבער דער פּי־ליזאָפּ רעדט וועגן פּיליזופיע, וואָס ער טראכט זיך ארײַן אין אלץ און זאָגט וועגן דעם זײַנעם א מיין אָדער אפילע גלאט א ווערטל.

און דו זײַ וויסן, מײַן ליבער זון, אז דערפאר, וואָס זיי ווילן אָפּלייקענען גאָט, וועל איך זיך אויך סטארען מיט מײַנע לעצטע קויכעס אָפּצופרעגן אלץ, וואָס זיי האָבן, וואָרום דאָס וויסן אלע, אז בא זיי איז פארבלענ־דעניש.

דאָ האָב איך געמאכט און פארשריבן שוין א גאנצן בוך וועגן דעם, אז קיין לופט, אָדער ווי מע רופט עס אויך אָן וואָזדוך, איז ניטאָ. האָבן א האָזע צו זאָגן, אז ס'איז דאָ א זאך, וואָס איז ניטאָ, קענען נאָר טרייפענע יונגען, וואָס איך פארהאָפּ צו גאָט, אז איך וועל דאָס מיט מײַן פארשטאנד דערווײַזן.

און דאָס, וואָס מען צינדט אָן א ליכט און מע דעקט זי צו מיט א גלאָז, הערט זי דעמלט אוף צו ברענען, איז דאָך דאָס א פּראָסטער ליגן, וואָרום א ליכט וויסן מיר, אז זי איז א טויטע זאך, און וויבאלד זי איז א טויטע זאך, דארף זי קיין לופט ניט האָבן, וואָרום לופט דארפן נאָר האָבן לעבעדיקע זאכן. אזוי וויסן אלע.

וועסטו פרעגנ, מײַנ ליבער זונ, איז פארוואָס ווערט זי פּאָרט פארלאָשנ? איז עס גאנצ פראָסט, ווײַל מענ פאר־שטיקט איר, וואָרומ, אז דו וועסט נעמענ א פראָסטנ אויוונ, ווו סע ברענט האָלצ, צי שטרוי, צי מעקענע ניט קיינ ליכט, איז קענסטו ניט נעמענ אונ פארשטיקנ דאָס?

אונ אזוי קוק איכ ארײַנ טיפ אונ קלײַב אלצ פאנאנדער אונ דערצו ברענג איכ אסאכ מעשאָלימ, קעדיי מע זאָל פארשטיינ אויכ פונ פראָסטנ האמוינ.

אונ זײַ וויסנ, מײַנ ליבער זונ, אז בא מיר זײַנענ דאָ אסאכ גוטע אײַנפאלנ אויכ וועגנ אנדערע געלערנטע זאכנ. איצטער נעמ איכ זיכ צו באטראכטנ פונ אלע זײַטנ די זאכ, צי מענטשנ קענענ לעבנ אָנ א מיילעכ, וואָרומ דאָס לייגט זיכ מיר נאָכ אויכ ניט אפנ סייכל. מע דערציילט, אז אריסטו, דער גרעסטער כאָכעמ פונ אלע מענטשנ אפ דער וועלט, האָט געהאלטנ, אז א מיילעכ מוז מענ האָבנ.

אונ נאָכ אסאכ, אסאכ גרײַלעכ וויכטיקע געדאנקענ, נאָר איכ פארקירצ מיט מײַנ שרײַבנ, מאכמעס איכ לויפ אינ סעלסאָוועט צומ דאָקטער. די וועלט האלט, אז איכ לײַד אפ מאכלעס האראק, וואָס קיינ מענטש איז פונ קראנק־קײַטנ ניט באוואָרנט.

פונ מיר דײַנ פילגעליבטער פּאָטער יודע.

*

דעמלט האָט כײַעלע דעמ פעטער יודעס ארויסגעיאָמערט צוויי וויסטע געשרייענ פאר איינ מאָל: א געשריי אפנ קראנקנ טאטנ, וואָס ראנגלט זיכ נעבעכ מיטנ טויט; א געשריי אפנ מאנ בערענ אינ דער מיליציע.

כײַעלע זאָגט, אז מען האָט זיך גענומען צו בערלס פעקל ביינער און ס'איז פאראן א געפאר, אז ער פאלט ארויס פון מיליציע. סע ווײַזט זיך ארויס, אז כײַעלע דעם פעטער יודעס האָט שוין זינט עטלעכע טעג פארשטיקט אירע נאָך א קלעמעניש:

— בערע, — זאָגט זי, — האָט מיר אופגעהערט ארײַנצוטראָגן די פאָר עמער וואסער אפן קאָראָמיסל.

די זעלמעניאנער האָבן דערזען, אז כײַעלעס צאָרעס זײַנען איבער די מענטשלעכע קויכעס, האָבן זיי איר געלייגט קאַלטע וואסער צום קאָפּ. די מומע מאלקעלע האָט אפילע ארײַנגעטראָגן ווארעניע:

— זעט, גיט איר אביסל ווארעניע, וואָרום זי איז פארשמאכט...

נאָר ווער איז שולדיק, אז א מענטש טראָגט אלץ אפן הארצן. אין הויף זעט מען זי קיינמאָל ניט און אז זי טוט ווו אן עפן די טיר, הערט מען נאָר איין זאך:

— מומע, ניטאָ דאָ בא אײַך מײַן קאצ?

באנאכט, איז כײַעלע געלאָפן אין שטאָט צו אירע כאווערטעס. פון דער זאווערוכע איז זי נאָכדעם געקומען א נאסע, קוים מיטן לעבן, און געבראכט א מאָדנע יעדיִע. עס לאָזט זיך אויס, אז דער גרעסטער נאטשאלניק פון מיליִציע, פאָרשניעוו, האָט די טעג בערען ארײַנגענומען צו זיך אין צימער, געהאלטן אים היפשע עטלעכע שאָ און נאָכדעם איז איר שטיק בראָך ארויס פון אים פינצטער ווי די ערד.

— פארוואָס אָבער דערציילט ער גאָרנישט, דער בולעכ?

— צי איז שיין אזוי, אז אין הויף זאָלן אלע ארומגיין און עסן זיך פון הארצווייטעק צוליב אים, און ער אליין זאָל זײַן פּאָטער פון הארצווייטעק?

דאָס פרעגט דער פעטער איטשע.

— אָט דאָס הייסט, סאָפּקאָלסאָפּ, א גראָבער סאָרט כאראקטער!

*

דער בולעכ האָט געטאָן די טויווע און זיך אַרײַנגעמישט ערשט דעמלט, ווען דער מומע מאַלקעלעס קאָרעוו, דער ברוקי־רער, האָט זיך בא וועטשערע ארויסגעכאפּט מיט א וואָרט. דער ייִד האָט געזאָגט:

— ווי איך פרווו זיך דערמאָנען, האָט פּאַרשניעוו געקוילעט ייִדן אין קאַטערינעסלאַוו.

לאָזט זיך, אַלזאָ, אויס, אַז דער פּאַרשניעוו איז פּראָסט פּאָשעט א קיילער.

דער ייִד האָט עס ארויסגעזאָגט באַם עסן גלאַט אַזוי, ווי א געדאַנק. די שיִליוּעס האָבן זיך אָבער זינט דעמלט אָנגעזעצט אַף אים.

בערע האָט דעמלט רוגזענדיק א פרעג געטאָן בא דער מאמען:

— ווער איז דער מיִעסער ייִד?

און טאָנקע האָט געפרעגט:

— פארוואָס זיצט ער ניט אין דער אוקראַיִנע?

און פאַלקע האָט געפרעגט:

— וואָס איז עס פאַר א קופּערט אונטערן בעט?

דער ייִד האָט באַלד פאַרשטאַנען אין וואָס סע גייט און גע־לייקנט שטיין און ביין; ער איז געזעסן אָנגעלענט דעם קאָפּ אַפן האַנט און געקײַט זייער טרויעריק.

גרויסע אומרוען אינעם רעבזעהויף. די מעטעליצע האָט אים ארומגענומען פון אויסווייניק, די צאָרעס—פון אינעווייניק: דער פעטער יודע שטאַרבט; סאָניע כאַלעשט, און דער שטיין אַף רעב זעל־מעלעס קייווער איז טאַקע ניטאָ—נאָר דאָ זיצט זיך א רויִקער ייִד באַם לעבל ברויט, א פרעמדער ייִד, און שיידים ווייסן וואָס ער וויל דאָ פון די זעלמעניאַנער.

בערע איז אריַינגעלאָפן א צעיושעטער. ער האָט באלד דערזען דעם ייִדן באם טיש—אינ איינ האנט דעם לעבל באם הארצנ, אינ דער צווייטער—דעם מעסער איבער אים.

— איכ פארשטיי ניט,—האָט דער ייִד געקרעכטשעט,—אונ די סאָווכאָזנ גיבנ שוינ גאָרניט?

— ווער אינ אָט דער שטוב טריַיבט רעכילעס אפ פאָרשניעוונ?— אָט דאָס האָט בערע א פרעג געטאָנ באלד אפנ שוועל.

דער ייִד האָט אוועקגעלייגט דעם לעבל מיטנ מעסער, אָפגעטרייסלט דאָס סיווע בערדל אונ געענטפערט:

— איכ—ניט!

אונ געמיינט, אז ער איז שוינ פאָטער. בערע איז אָבער פונ אים ניט אָפגעטראָטנ. א גאנצנ אָוונט איז מענ אָפגעזעסנ באם פעטער איטשע אינ שטוב אונ דער ייִד האָט איבערגעגעבנ די געשיכטע פונ זיַינ גאנצנ לעבנ. סאָפקאָלסאָפ איז אלצ געווענ אינ אָרדענונג. דער ייִד איז א ברוקירער, א האָרעפּאשנער עלעמענט מיט א שטיקל פאריבל אפ די געווירים.

— אונ וועגנ זיכ,—האָט געזאָגט דער ברוקירער,—איז די זאכ אזוי: זינט מענ געדענקט זיכ איז מענ אנ אפיקוירעס, אינ די ייִנגערע יאָרנ אפילע געקראָכנ צו וויַיבער, ניט געגלויבט פונדאנענ אהינ, דאווענע, שמאווענ, געטרונקענ בראָנפנ, נאָר אנ אָרעמאנ אונטערגעהאלטנ די גאנצע ציַיט, כאָטש מיט די לעצטע קויכעס.

אלצ איז קלאָר. דאָס איז ניט מער, ווי א ייִד א ברוקירער. ער ברעכט אָפ דאָס ברויט פונ לעבל אונ רוקנדיק דעם ביסנ אינ מויל—האלט ער עפעס אינ איינ נאָכפרעגנ זיכ וועגנ דער קאָלעקטיווי זאציע:

— איכ פארשטיי ניט,—פרעגט ער,—סאָפקאָלסאָפ פארזייענ זיי דאָכ איצטער אסאכ מער?..

דערביַי מיינט ער, אַז קיינער זעט ניט, ווי ער מאַכט מיטן עסן כּאַרעוו די שטוב.

איינמאָל האָט ער אַפּילו פֿאַרגעסן, אַז ער איז אין דער פֿרעמד און זיך צוגעכאַפּט צום טיש, ווי דעם זוילעוועסויוועס אַן אייניקל. דעם פֿעטער איטשע האָט עס דעמלט אַזוי פֿאַרקלעמט באַם האַרצן, אַז ער איז אַרויסגעלאָפֿן אין הויף און גענומען ברעכן די הענט:

— געוואַלד, מען עסט מיר אָפּ דעם קאָפּ!

ס'איז געוואָרן אַ טומל. מענטשן זיַינען אַרויסגעלאָפֿן צום פֿעטער, גענומען אים מינטערן; דער פֿעטער איטשע איז אָבער געווען גענוג איידל און ניט אויסגעזאָגט וועמען ער מיינט. דער ברוקירער, פֿון זיַין זיַיט, האָט זיך אויך ניט אָנגעשטויסן; ער איז גאָר געווען פֿאַרנומען דעמלט מיט אַ וויכטיקערע זאַך, האָט עפּעס אַריַינגעוואָרפֿן אין מויל און געפֿרעגט:

— איך פֿאַרשטיי ניט, און די קאָלכאָזן זיַינען גאָרניט?

מער פֿון אַלעמען האָט געליטן די מומע מאַלקעלע. אין אַ מינוט פֿון ערגערניש האָט זי פֿאַרטרויט פֿאַר איינער אַ שטומער מויל דעם סאָד, אַז איר קאָרעוו, דער ברוקירער, איז גאָר געווען אַ קאַצעוו, געטריבן אַפּילע אַמאָליקע יאָרן אָקסן פֿון אוקראַינע אין סמאָלענסק אין די קאַזאַרמעס. דעמלט האָט ער פֿון קיינעם ניט געוואָלט וויסן, איצט אָבער, אַז ער איז געבליבן עלנט, האָט ער זיך גענומען קריַיוולען.

*

גרויסע אומרוען אינעם רעבזעהויף. די מעטעליצע האָט אים אַרומגענומען פֿון אויסנווייניק, די צאָרעס—פֿון אינעווייניק. באַטאָג איז די מומע גיטע צוריקגעקומען פֿון דער קראַנקער טאָכ־

טער א בייזשטומע, ארומגעגאנגענע א שווייַגנדיקע איבערן שטוב און געשפיגן, האָט מען דעמלט פארשטאנען, אז מיסטאָמע איז זי שוין בייַגעווען באַם סאָפ פון סאָניעס כאַלאָשעס. די זעלמע־ניאנער האָבן געשמאכט ניט אזוי פון צאָרעס ווי פון דעם, וואָס מען ווייס גאָרנישט. די גאָרגלען זייַנען אזש אויסגעצויגן געוואָרן פונעם שטענדיקן ניט וויסן.

— ניט אייַער זאך! —טוט מען א זאָג אריַין אין סאמע פּאָנעם.

— מישט זיך ניט, אז מע בעט אייַך ניט!

אָבער סאָפּקאָלסאָפּ האָט מען זיך שוין אַלץ דערוווּסט פון פאַלקען. ער האָט אין א גוטער מינוט פארטרויט דעם רעבזעהויפּ א סאָד וועגן בערען. עס האנדלט זיך וועגן דעם, וואָס אַף די לעצטע פארטפארזאמלונגען האָט מען דעם בולעכ געדעקט פאר אָפּגעשטאנענקייט און כוואָסטיזם.

אזוי דערציילט פאַלקע.

דער סעקרעטאר פון פארט־קאָלעקטיוו פון דער מיליציע, פּאָר־שניעוו, האָט ענדלעך אריַינגערופן בערען צו זיך, פארשלאָסן אהינטער זיך די טיר און אָפּגעהאַלטן אים א גוטע פּאָר שאָ.

דעמלט האָט מען אין די קאָרידאָרן געהערט, ווי פּאָרשניעוו זעצט אין טיש, זידלט אים מיט די לעצטע ווערטער:

— בערקא טי ספיש... טי ספישז..

און ער האָט געשוויגן.

—רייד, —האָט פּאָרשניעוו זיך געקאָכט, —רייד ארויס א וואָרט, לאָמיר וויסן וואָס דו טראכטסט?

און ער האָט געשוויגן.

און ס'איז טאקע עמעס, אז בערע איז ארויס פון אים שווארץ, ווי די ערד. ער איז געווען מאַלע רעציכע אַף זייַן אייגענעם גראָבן קאָפּ.

אינדרויסנ האָט שוינ געטונקלט. נאסע שטיקער שניי האָבנ זיכ געשמירט אָנ הייסנ פּאָנעמ. ס'איז געגאנגענ א שניי מיט א רעגנ.

בערע האָט זיכ בלויז אָפּגעשטעלט בא א קיאָסק, געקויפט א „פּראוודא” אונ אוועקגעשפּאנט אהיימ.

דעמלט האָט ער עס פארגעסנ ארײַנצוטראָגנ כײַעלענ די פּאָר עמער וואסער אפ א קאָראָמיסל. ביז שאריענ אפ טאָג איז ער אָפּגעזעסנ באמ פענצטער אונ געלייענט די „פּראוודא”. אפנ טיש איז געשטאנענ פונ באנאכט דאָס אָפּגעקילטע טעפּל מיט קאר־טאָפל. א הערינג איז געלעגנ אפ דער צעראטע. ער האָט ניט געגעסנ. אונ ווי נאָר מענטשנ זײַנענ ארויס צו דער ארבעט, איז ער שוינ געווענ בא פּאָרשניעווונ:

— אויב אזוי,—האָט ער געזאָגט,—וויל איכ צוריק אפנ זאוואָד!

*

ס'איז געגאנגענ א שניי מיט א רעגנ. דער בליופּיק־שנייקער ווינט האָט אויסגעגראָבנ נאסע שטיקער לופט. געלויפּעט אפ די שויבנ מיט עפּעס א קויטיקנ געמיש. דער שוואכער לאכ פונעמ פעטער איטשעס האָלצ־שטאל האָט זיכ געבלאָזנ מיט די צעפּלוי־גענע שינדלענ אינ ווינט, ווי א שיטערער קאָפּ האָר.

דער פעטער איטשע איז געזעסנ אינעמ ווארעמענ שטיבל, געגאָסנ אינ זיכ די הייסע גלעזלעכ טיי אונ, ניט געקוקט אפ גאָרנישט, אביסל האנאָע געהאט פונעמ לעבנ. דער פעטער, ווי באוווסט, האָט אויכ דאָ ניט לאנג דורכגעמאכט א שטיקל שווערע צײַט, קרעכצעט ער נאָכ אונטער צו ביסלעכ ביז אפ הײַנטיקנ טאָג:

— נו יע, די וועלט ווייס, אז מענ האָט דאָ מיט אימ אָפּגע־טאָנ א גאזלאוויסטווע.

דער פעטער איז שוינ אָבער געוואָרנ א גאנצער מײַסטער אפנ פּא־

בריק. ער שוויַיגט וועגן דעם, ווײַל עפּשער האָבן די שיליועס ניט דאָס געמיינט און איצטער וועט מען זיך אָפּ אים אָנזעצן אָפּ אַ נײַעם קאָן. איז ער אַ שטיקל באַרימער פון אַלעמאָל, און אַז די מומע מאַלקעלע, גיסנדיק אים טיי פון ליאַק, נעמט שוין צופיל קרעכצן אָפּ זײַן פינצטערער דאָליע, טוט ער אַ זאָג:

— מאַלקע, דו ביסט אַ נאַר...

דער פעטער עטעמט אָפּ טיף, ווי ער וואָלט דערמיט אַרײַנגענומען אין זיך די געדאַנקען:

— אײַ, צו וואָס ס'מיעסע שנײַדערל האָט דערלעבט!.. הײַנט וואָלסטו עס געזען, ווי סע קלעפּן זיך די שטיקער מאַנטל... טאַקע אַן אַנדער וועלט... און דאָ—ביסטו זיך געזעסן בא דער טערעבענדע טראַסק־טראַסק פון באַגינען ביז שפּעט אין דער נאַכט...

און פּלוצלונג—שטיל. דער פעטער איטשע כאַפּט זיך, אַז ער האָט זיך שוין צופיל אַרויסגעגעבן. ער האָט אַ צו לאַנגע צונג, לאָזט ער אויש די גלאָז טיי, טוט אַ שפּרײַז מאָדנע איבערן שטיבל און נעמט בינדן די הויזן:

— נאַר פאַרשטייסט, מאַלקעלע...—ער טוט נעבעך אַ טיפן שלונג לופט און האָט ניט וואָס צו זאָגן.

די פּוכלע שטיקער שניי טענצלען און קלעפּן זיך צו די מאַטע שײַבעלעך. דער פעטער בייגט זיך אײַן, קוקט אַרויס אינעם הויף און פּלוצלונג ווערט ער פאַרשטיינערט פון אַ טעמפּער קלעמעניש—אָפּ דער שוואַרצער, שנייִקער סטעזשקע אין הויף האָט זיך באַוויזן בערע.

ער, בערע, איז געגאַנגען רויִק און וואַקלדיק ווי אַלעמאָל, אָנגעטאָן איז ער שוין אָבער געווען אין אַ פּראָסטער קורטקע, אָן די רויטע בענדלעך, און אָפּן קאָפּ—דאָס פאַרשמאָלצענע גאַרבער־היטל,

וואָס האָט זיך בא א צענדליק יאָר געוואַלגערט ערגעץ הינטערן אויוון.

הייסט עס, אז בערע איז אויס מיליציאָנער!

אין אנטשוויגן־געוואָרענעם רעבזעהויף איז מען געשטאנענע צוגע־קלעפּט צו די שויבן און געהעשעט. קיינער האָט ניט געהאט די קוי־כעס אָפּצורייסן די אויגן פון הויף. ס'האָט פּלוצלונג א קלעם געטאָן דאָס הארץ אף אָט דעם גרויסן בערען, וואָס האָט אָנגעהויבן מיט אזוינע וווּנדערלעכע פּאסירונגען אין די מילכאָמעס, איז געגאנגען הויך, ווי א שטערן אין הימל, און האָט אומגעריכט פארענדיקט מיט דעם גארבערישן היטל, מיט א הילעך, וואָס זאָגט צו קיינעם גאָרנישט.

— אָט דאָס איז בערע? — האָט מען געבראָכן די הענט.

— אוי, ווי עס קען פאלן א מענטש!..

אפילע די פרומע מומע גיטע האָט אויך א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און צוגעברומט:

— וויי צו די אויגן, וואָס זעען...

אָט דאָס הייסט אומדאנקבארקייט! ביז איצט האָט קיינער אפילע ניט געוווּסט, אז פון בערען פאלט אָפּ אפן רעבזעהויף אזא באַ־זונדערע וווּנדערלעכע שיין.

דער ערשטער געשריי האָט זיך דערטראָגן פון מויער, אויבן. כייעלע דעם פעטער איטשעס האָט זיך געוואָרפן אין בעט, גע־שריִען איימעדיק איבערן גאנצן הויף און געוואָלט אָפּטאָן בערען מיט קלוימערשטע ווייַבערישע ווייטעקן. ליידער, האָבן אלע גע־וווּסט, אז ס'איז בא איר ניט לאנג פון א קימפּעט.

— זעט, גייט ארופּ צו איר און זאָל זי אופּהערן, — האָבן זיך געבעטן די מאנצביל.

עס האָט ניט געהאָלפן. שפּעטער האָט זיך אָבער דער געשריי

איבערגעריסנ פלוצלונג, שפּעטער, ווענ בערע איז שוינ געזעסנ באַם טיש אַנ מיטעק אונ געקײַט א טרוקענע שטיק ברויט:

— הער אופ, — האָט ער געזאָגט פארביטערט, — הער אופ, כײַקע, וואָרום איך ווארפ דיך אוועק...

— אוי, בראָך מײַנער!

— איך האָב א מיידל לייטשע, — האָט ער אויסגעשאָסנ, געוואָרנ רויט, ווי א טשוועק, אונ פונ דער וויסטער שאנדע פאר די אייגענע ווערטער אראָפּגעלאָזנ די אויגנ אונטערנ טיש. צענ יאָר האָט ער געהיט דעם דאָזיקנ נאָמענ, געכאָוועט אים בעסאָד פונ זיך גופע אונ איצט איז ער פלוצלונג ארויסגעשפּרונגענ, ווי א שטיק מעשוגאעס, דאפקע דער אייגענער ווײַב אינ פּאָנעמ.

בערע איז געזעסנ רויט, ווי א טשוועק, אונ זיך צוגעהערט צו כײַעלעס שטילנ געוויינ אינ קישנ.

---

# 14

## א לעוואַנע-נאַכט

באַנאַכט איז צוריק אַרויס די לעוואַנע. די מעטעליצע האָט אויפגעהערט. באַנאַכט איז די לעוואַנע אַרויסגעשווומען פון אונטער ווייכע פעדער־וואָלקנדלעך, וואָס זיי גופא האָבן אין דער ווייטעניש געלויכטן מיט אַן אייגענער שײַן.

די שטיבלעך האָבן געדרעמלט מיט קורצע שאָטנס נעבן זיך אויפן בלאָלעכן שניי. ווו־ניט־ווו זײַנען געלעגן קויטיקע פלעקן — סימאָנים פון דער זאַווערוכע. דער הויף האָט קענטיק געהאַלטן פונעם צווייטן גאַנג פון שלאָף, ווען מע קען אים שוין ניט אויפוועקן.

דעמלט האָט זיך דער איינ צעמישטער צאַלקע אַרומגעדרייט צווישן די לעוואָנעדיקע שטיבער. צי וואָגלט ער דאָ ניט אַרום, טרויערנדיק נאָך דעם שיינעם טאַטן, דעם איידלסטן פון די זעלמעניאַנער?

עטלעכע מאָל איז צאַלקע צוגעקומען צו דעם פעטער זישעס שטוב, אַרום אַפילע אַפן גאַניק און עטלעכע מאָל האָט ער זיך אומגעקערט.

ס׳האָט זיך געהערט, ווי די לעוואָנע שווימט אין הימל.

ענדלעך איז ער ארופ אפן פעטער זישעס גאניק, א פרווו געטאָן די קליאמקע און אריין אין שטוב.

אינעם פאָדערשטן צימער שלאָפט די מומע. דאָ טראָגט דער גערוך פון מאכזיירים און אלטע הינער. צאלעל טאפט אינדער־פינצטער דעם וועג צו דער געלעזערנער טיר, צו טאָנקעס צימער.

בא טאָנקען אין צימער איז שטיל. דורכזיכטיק גרוי. אביסל לעוואָנע־שיין ליגט אפ דער פאָדלאָגע, אין בעט, וואָס באם וואנט, שלאָפט זי. טאָנקע שלאָפט אומרויִק. די טונקעלע אָרעמס איבער דער דעקע. עס לייכטן ארויס די ווייסע שפיצן פון העמד איבער אירע ווארעמע אקסלען.

ער פארדעקט זיך דאָס פּאָנעם פון שרעק.

צאלקע פלאטערט, די הענט טרייסלען זיך; אים טוט וויי, וואָס ער דארף זיך גאנוועגען צו זיין געליבטער באנאכט.

אביסל לעוואָנע־שיין ליגט אפ דער פאָדלאָגע. ער גייט עס ארום פאָרזיכטיק, קומט צו צו איר בעט, נאָכדעם בייגט ער זיך איין און טוט זי שטילערהייט א קוש.

טאָנקע שלאָפט אומרויִק.

ער האלט איין דעם אָטעם, גאנוועט זיך צום טיר אפ הינ־טערוויילעכס, מוירעדיק קלאפן די שלייפן, און באם טיר מודמלט ער אופגערעגט:

איך בין זאָ קראנק, אָ, מוטער,
דאס איך ניכט הער אונד זע...

די מומע גיטע דערהערט א קלאפ מיט דער טיר. א ווינט שאָרבעט ארום איבערן צימער, טוט זי זיך א הייב אופ פון גע־לעגער מיט איר לאנגן גוף, ווי א סטראשידלע, און פרעגט אריין אין דער פינצטער אפ איר מאנצבילשן קאָל:

— זישע, הא, דאָס ביסטו, זישע?

נאָר זישע איז ניטאָ. דער פּעטער איז, קענטיק, אָפּגעשטאָרבנ ענדגילטיק און שלעפט זיך שוינ מער ניט ארומ אינ די ווינטערדיקע נעכט.

אינ שטילנ לעוואָנעדיקנ הויפ בלאָנקעט ארומ בלויז צאַלעל דעמ פּעטער יודעס. דער יונגערמאַנ איז, אַפּאָנעמ, מעשוגע געוואָרנ פונ לעוואָנע און פונ שניי. א שטילע נאַכט. די לעוואָנע שײַנט מיט א בלאָלעכ, אראָפּגעדרייט ליכט. די שטיבער האַלטנ זייערע קורצע שאָטנדלעכ לעבנ זיכ. צאַלעל דעמ פּעטער יודעס שטייט מיט א פאַריסענעמ קאָפּ, שאָקלט זיכ און זינגט מיט א וויסטנ ייִרישנ ניגנ ארופ צו דער לעוואָנע, ווי א געשלאָגענער הונט:

איכ בינ זאָ קראַנק, אָ, מוטער,
דאַס איכ ניכט הער אונד זע...
איכ דענק אונ דאַס טאָטע גרעטכענ,
דא טו דאַס הערצ מיר ווער.

. . . . . . . . .

הייל דו מײַנ קראַנקעס הערצע—
איכ וויל אויכ שפּעט אונד פריה
אינברינסטליכ בעטענ אונד זינגענ:
געלאָבט זײַסטו, מאַריע!

די מומע גיטע האָט אינ א פּאָר טעג ארומ דערציילט טיפּ בעסאָד פאַר אירע כאַווערטעס, אַז זי האָט געזענ מיט די אייגענע אויגנ, ווי צאַלעל דעמ פּעטער יודעס, וואָס איז אויכ געוויס א געבילדעטער יונגערמאַנ, איז געשטאַנענ אינמיטנ נאַכט אַליינ אינ הויפ מיט א סידער אינ האַנט און מעכאַדעש געווענ די לעוואָנע.

— פארלאָזט זיך, — האָט זי געזאָגט, — אז קיין טאָעס האָב איך שוין ניט געהאט!

ער האָט געזונגען איבערן גאנצן הויף מיט א מוירעדיק גע־וויין, אז עס האָט אָנגענומען אן איימע.

וועגן דעם סידער קען זיין, אז די מומע גיטע האָט פאָרט א טאָעס געהאט. די ווייבער האָבן אָבער דעמלט באשלאָסן, אז מיט דער יידישקייט האלט שוין גאָרניט אזוי שלעכט, און די מומע נעכע, וואָס איז דער וויכטיקסטער קאָפּ צווישן די ווייבער, האָט דערביי צוגעלייגט א פינגער צום מויל אלס א צייכן, אז וועגן צאלעלס שיינעם טאט איז גלייכער צו ריידן וואָס ווייניקער.

15

# ווענן סאָניע דעם פּעטער זישעס
# און דער מומע גיטע

ווענן סאָניען איז די זאַך אַזוי:

פֿון דער אַרבעט האָט מען זי שוין אַראָפּגענומען, און, דאַכט זיך, זי איז שוין קיין מיטגליד פֿון פֿאַריין אויך ניט. זי זיצט אין שטוב און ס׳איז איר שטענדיק אַביסל קאַלט, ווײַזט אויס, צוליב דער מומע גיטען, וואָס האָט אַרײַנגעשמוגלט צוגעפּראָרן ראַבאָניש בלוט אין רעבזעהויפּ; און זי איז שטענדיק קראַנק — צוליב דעם פּעטער זישע, וואָס האָט איר איבערגעגעבן, נאָכדעם ווי ער אַליין איז אָפּגעשטאָרבן, שלאַפֿקייטן פֿון פֿאַרשיידענעם גראַד און פֿאַרשיידענעם ווערט.

און דאָך זאָגט מען, אַז סאָניע דעם פּעטער זישעס מאַכט זיך קלוימערשט קראַנק פֿאַרן מאַן.

די באַווײַזן זײַנען פֿאָלגנדיקע:

זי עסט ניט, ווען ער זעט, טרינקט נאָר טיי מיט מילך, און פֿון צײַט צו צײַט טוט זי אַן אומעטיק זיפֿצל, וואָס דאַרף באַטײַטן, אַז ערגעץ איז טאַקע בא איר דער ווייטעק גרויס, נאָר

וויבאלד זי איז א פארליטענע, פּאטערט זי עס אָפּ מיט קליינע זיפּצעלעך.

מע ווייס, אז די דאָזיקע סוידעספּולע זיפּצעלעך זײַנען אויס־גערעכנט בלויז פאר פּאוועל אָלשעווסקען, ווײַל צוליב דער ווײַטער אָנצוהערעניש, וואָס אין זיי, און דעריקער—צוליב זייער אומבאשטימטקײַט, איז אים שווער צו נעמען און פאנאנדערוויקלען די באלדיקע הילף.

ער פארלירט זיך.

סאָניע דעם פּעטער זישעס מאכט זיך פון גאָרנישט ניט וויסנדיק און גרייט באלד פאר אים א צווייט זיפּצל נאָך מיט מער אינהאלט.

דערפאר—אז אין שטוב איז קיינער ניטאָ, גייט זי אראָפּ פון בעט, פּודערט זיך באם שפּיגעלע, פּוצט די נעגל, טוט אָפּ ערגעץ אין א ווינקל פארשיידענע זאכן און שפּעטער, אז מע קלאַפּט אין טיר, ליגט זי אין בעט און איז ווידער קראנק.

סאָניע דעם פעטער זישעס ווינט שוין ניט אין רעבזועהויף. זי האָט זיך איבערגעקליבן אין שטאָט נאָך דעמלט, נאָך פאר דעם טאטנס לעבן. איצט ווינט זי אפּ סאָוועטישער גאס אין א צימער אפּ א צווייטן גאָרן.

אינאָוונט, אז מע גייט דורך די גאס פארבײַ א שיינעם גאר־דין אפּ א פענצטער, און א שײַן פון אונטער א געלן אבאזשור פאלט אפן טראָטואר, דארף מען זיך אומבאדינגט אָפּשטעלן און א שמעק טאָן די לופט: אויב עס כאפּט א גערוך פון רעפּועס—איז דאָ ווינט זי.

דער רייעך פון רעפּועס—דאָס איז דעם פעטער זישעס אופּטו, וואָס האָט איבערגעטריבן דעם זעלמעניאנישן טערפּקן רייעך פון היי אין א שוואכערן רייעך פון רעפּועס און דערמיט אסאך בײַ־געהאָלפן דער טאָכטער.

סאָניע דעמ פעטער זישעס שמעקט פונ פלעשעלעכ, רײַבט די שלייפנ מיט ווײַסע שטיינדלעכ, טרינקט טראָפּעלעכ יאָד אינ וואַסער—אַלצ, וואָס יענע גראַפּיניע קאָנדראַטיעווע טוט אינ די ווײַטע שטעט, כאָטש יענע זעט אויס אינ רעבזעהויפ, ווי א כאָלעמ, אנ אָפּגעקראָכענע מאַלקעשוואָ אינ דרײַצנ שלייערנ.

דעמ לעצטנ ווינטער איז סאָניע דעמ פעטער זישעס ניט ארויס פונ שטוב. אויב שוינ גוט, איז זי ניט געלעגנ, נאָר געזעסנ אַפ דער קושעטקע, פארקוטעט אינ א פּאַטשיילע, מיט אנ אָפּענעמ ביכל אינ שויס אונ באַקלאָגט זיכ פאר דער יונגער שכיינע, דער ווזעווקע סטאַשקאָ:

— וואָס קומט מיר, אז איכ וויל פאָרט אַביסל קולטור?

— נו, אז איכ קענ פאָרט ניט פארלײַדנ קיינ בלאָטע אונטער די נעגל?

סאָניע דעמ פעטער זישעס האָט אַפילע אופגעהערט ארויסצוקוקנ אינ פענצטער, ווײַל אינדרויסנ געפעלט איר סײַוויסײַ ניט־אגעוו, איז זי פארנומענ אויכ: זי שטעלט שטענדיק איבער די מעבל אינ שטוב, פארהענגט די פענצטער, הענגט איבער די בילדער אַפ די ווענט. אונ אז פּאַווליוק קומט פונ דער ארבעט, ליגט זי שוינ אנ איבערגעמאַטערטע אינ בעט.

סאָניע איז שוואַכ אונ קראַנק, קאַמ וואָס עס סטײַענ איר קויכעס אַפ איבערגעבנ אימ, די לעצטע יעדיעס פונ שטאָט:

— געהערט, בערע איז שוינ אויס מיליציאָנער.

— וויאַזוי?

— דער יונג,—זאָגט זי,—האָט זיכ אָנגעשיקערט אונ דורכגעלאָזנ א גאַנעוו.

פּאַווליוק זיצט באַמ ברעג טיש אונ עסט עפּעס פונ א קאַלט טעלערל. ער עסט מיט א פארמאַכט מויל, וואָס עס ווײַזט אַפ

איינס פון די ביידע; אָדער ער זשאַלעוועט סע זאָל אים ניט ארויספאַלן א ברעקל פון מויל, אָדער ער מיינט, אז מיט דעם עפּעס דאָס מויל שטערט ער די רו פון זײַן קראַנקער ווײַב.

דערמאָלט עסט ער און זי גיט אים איבער די סוידעס פון אַלע שכיינים אין מויער.

עס לאָזט זיך אויס, אז די וועלט ארום איז טיף אויסגעלאַסן, און אין קאָרידאָר, דאָ, בײַ זיי אונטערן נאָז, קערט זיך א וועלט. ווײַבער, נעמלעך, האָבן צו עטלעכע מאַנען.

אויב פּאַוולוק בלײַבט נאָך דעם אַלעמען זיצן רויִק און קײַט ווײַטער דאָס קאַלטע ביסל עסן, נעמט סאָניע ארויס אונטערן קישן א בריוו, וואָס איינער גאָנטשיק, א מאַנצביל פון מאָסקווע, שרײַבט צו א געוויסער פרוי אין זייער קאָרידאָר וועגן עפּעס א פאַרבראַכטן זומער אין סאָטשי.

אזוי ארום איז די זאך קלאָר.

דערנאָך נעמט זי ארויס פון אונטער דער צווייטער זײַט קישן א מעלדונג פון פּאָסט אַפּ אכצן רובל פאַר דער וועוועקע סטאַשקאָ, וואָס וויינט אויך דאָ אין קאָרידאָר.

די זאך איז ווידער קלאָר.

בלײַבט אָבער פּאַוולוק נאָך אַלץ קאַלט צו אירע רעוועלאַציעס, טוט זי אים, אַלס א שטראָף, א קליין זיפצל פון יענע, פון די סוידעספולע, נעמט צונויף די קאָרעספּאָנדענץ און שטרעקט צו אים אויס די שווין אביסל צו ווײַסע האַנט:

— זײַ אזוי גוט, וואַרף עס צוריק ארויס אין קאָרידאָר!

פּאַוולוק שווײַגט. און כאָטש אים איז, קענטיק, ניט צופיל צום האַרצן, וואָס זײַן ווײַב נעמט איבער בריוו צו די שכיי־נים פון הויף, מאַכט ער דעם אָנשטעל, טוט אַן עפן וואָליוּנגעריש די טיר און וואַרפט ארויס די בריוו. דערמיט גיט ער זיך און

סאָניען צו פֿאַרשטיין, אַז אַף דער זאַך קוקט ער צווישן די פֿינגער:

— אָט, נאַרישקייטן...

אינאָווּנט פֿאַלט אַ ווייכע שײַן אַפֿן טיש פֿון געלן אַבאַזשור. דעמלט איז אינן צימער שטיל און מאָדנע געמיטלעך. סאָניע, שוין אַראָפּ פֿון בעט, איז געפּודערט און באַשמעקט מיט אַ ווײַכן רייעך פֿון היי און אַביסעלע יאָד.

אַרום טיש זײַנען שוין דאָ די שטענדיקע שטוב־פֿרײַנט:

עס זיצט דער פּוכלער „פּראָפֿעסערל" דאָוונאַר־גלעמבאָצקי, וואָס איז, נאָך אַ קעסיידערדיקן אָנגריף פֿון די סטודענטן, ענדלעך באַפֿרײַט געוואָרן פֿון לייענען לעקציעס.

עס זיצט עפּעס אַן אַלטער, אויסגעדינטער אַקטיאָר מיט דער ווײַב, און אַמאָל קומט אויך אַרײַן אַ בלאָנדער, אַרכיוווּקסיקער ווײַסרוסישער לערער.

זיצט מען, הייסט עס, בײַ דעם געמיטלעכן טיש און מען מאַכט אַ קערטל.

סאָניע איז שטאַרק פֿאַרכאַפּט מיט דער שפּיל, נאָר זי דרייט. זי מוז זיך דאַפֿקע צונויפֿטרעפֿן מיט דעם אַקטיאָרס ווײַב, וואָס מיט איר איז סײַווי שווער אויסצוקומען, ווײַל מען זאָגט, אַז זי שטאַמט פֿון דינסטמיידלעך, אָדער פֿון נאָך ערגער.

פֿאַרשטייט זיך, אַז שוין צוליב דעם איז די באַקאַנטשאַפֿט מיט דעם אַקטיאָרס ווײַב אַ גאַנץ לעבלעכע. ווער רעדט נאָך, אַז סאָניע האָט ביכלאַל פֿײַנט פֿרויען אַפֿילע ניט קיין דינסטמייד־לעך, און פֿון לאַנג שוין, ווי זי טראָגט אַ שטיקל פֿאַריבל אַף פֿאַווליוקן, וואָס ער האָט נאָך אַלץ ניט אײַנגעאָרדנט, עס זאָלן עקזיסטירן בלויז מאַנצבילן און צווישן זיי איין פֿרויענצימער — סאָניע דעם פֿעטער זישעס.

*

אין אזא אָוונט איז אמאָל אריַין טאָנקע. דאָס דאָזיקע מיידל ווי באוווסט, האָט מען אין הויף ביכלאַל ניט איבעריקס ליב. פראָסט — מע ווייס ניט וואָס עס וויל. א קינד, באָרעכאַשעם, האָט זי שוין, א קליינס, א שוויַיגנדיקס. דער טאַטע פונעם קינד איז פאַרגעשטעלט — דורך א קיַילעכדיקן שטעמפּל פון קאָמטשאַטקע. אַלזאָ; דער באַלעבאַטישער שטאָט פון דעם מיידל פארנעמט אַן אויג. דערצו איז זי נאָך עפּעס א פרעמדע אין הויף, און ווי מע זאָגט, איז גליַיכער צו ריידן מיט איר וואָס ווייניקער.

איז זי אריַין.

פּאַווליוק האָט זיך, פאַרשטייט זיך, געמאַכט האַרץ און זי פאַרבעטן אין קאָמפּאַניע אריַין, כאָטש געוווּסט האָט ער שוין גאַנץ גוט, אַז מיט זיי וועט זי ניט שפּילן.

סאָניע האָט געפרעגט:

— וואָס עפּעס מיטאַמאָל, ליבע שוועסטער?

— אריַין געוואָר ווערן, — זאָגט זי, — א קוק טאָן וואָס מענטשן טוען.

— אזוי גאָר, וואָס מענטשן טוען! און דו שפּילסט ניט אין קאָרטן?

סאָניע האָט זיך פּלוצלונג אָנגעכאַפּט, ווי א ליכט, און איז באַלד קראַנק געוואָרן אַף אַלע אירע זיבעציק קראַנקייטן.

— יאָ, — האָט איר טאָנקע גענומען באַרויקן, — איך שפּיל.

— און דאַכט זיך, אַז דו טרינקסט בראַנפן אויך?

דערוויַיל האָט זיך סאָניע איבערגעזעצט אַפן דיוואַן און זיך צוגעגרייט אַן אָרט אַף צום כאַלעשן.

נאָר דעמאָלט האָט טאָנקע א שמייכל געטאָן, געזאָגט זייער רויק, אַז אריַין איז זי ניט וועגן דעם, נאָר וועגן דער מאַמען,

דער מומע גיטע, וואָס האָט די לעצטע טעג געגומען פאַרפאַלן ווערן פון שטוב.

סאָניע האָט געכאַפּט אַפּאָר שמעקן פון די פלעשעלעך, אָפּגעשפריצט מיט עפּעס די הענט, א נעץ געטאָן מיט עפּעס די ליפּן און נאָכדעם געפרעגט שוין גאַנץ אַנדערש:

— איז ווו ווערט זי פאַרפאַלן?

און געטראַכט האָט זי דערביי גאָרניט וועגן דער מאַמען, נאָר וועגן זיך, וואָס די לעצטע צייט קלוימערשט האָט זי אויפגעהערט צו קוקן אויף זיך, שאַנעווען דאָס ביסל געזונט און זי האָט זיך סאָפּקאָלסאָפּ שוין צופיל פאַרנומען מיט פרעמדער זאָרג.

אָ, סאָניע דעם פעטער זישעס בויט נאָר אויף די אייגענע קויכעס!

צו די זעלמעניאַנער, פאַרשטייט זיך, קען שוין קיין צוטרוי ניט זיין, וואָרום זיי האָבן דאָך אפילע ניט געקענט באַנעמען די פראָסטערע קראַנקייטן פון איר טאַטן, שוין אָפּגערעדט פון אירע שלאַפקייטן, וואָס זיי צו פאַרשטיין דאַרף מען נאָך אַלעמען אויך האָבן אַן איידעלן כאַראַקטער.

און בכלל — וואָס הייסט קראַנק זיין פאַר א זעלמעניאַנער?

מע ווייס, פאַר א זעלמעניאַנער קראַנק זיין הייסט ליגן צום בעט און ניט קענען רירן מיט קיין איינער. דאָס איז ניט לויט סאָניעס שוואַכע קויכעס.

אָט איז דער ברוקירער קראַנק געווען, איז ער געלעגן אויפן באַנק לעבן אויוון, צוגעדעקט מיט פעלצן און מאַנטלען און געטרונקען פעריציק גלעזער טיי א מעסלעס. ער האָט אזוי לאַנג געטרונקען, ביז עס האָט גענומען שלאָגן א פאַרע פון אונטער די פעלצן, ווי פון א קופּע מיסט, און ערשט דעמלט האָט די מומע מאַלקעלע לייכטער אָפּגעעטעמט, ווייל ס'איז קלאָר געוואָרן, אַז ס'האָט אים צענומען.

צי איז עס לויט סאָניעס שוואכע קויכעס?

און קענ זײַנ, אז זי איז טאקע גערעכט, וואָס זי נעמט זיכ לעכאטכילע ניט צום הארצנ די זאָרג וועגנ דער מאמענ. נאָכ אלעמענ איז דאָכ די מומע גיטע ניט קיינ יונגער מענטש, אינ סאמע בלי, ווי סאָניע, זי איז אנ עלטערע יידענע און צו צאָרעס איז זי שוינ לאנג צוגעווינט.

*

דער שניי האָט געלאָזנ. ערגעץ אפ דער זוניקער, אויסגעטריקנטער זײַט פונ דאכ האָבנ געשריִענ קעץ, איינ קאץ א ראבע־כײַעלע דעמ פעטער יודעס. קענטיק, אז סע גייט שוינ צו פרילינג.

אינ די געלאטעטע דובלט־פענצטער צום זוניקנ דרויסנ האָט זיכ מיטאמאָל באוויזנ א נײַער סאָרט קליינע רעב זעלמעלעכ מיט קײַלעכדיקע, הארטע קעפ און מיט פלאציקע נעזלעכ, דאָסראָוו ייִנגלעכ, אויסגעהאָדעוועט אפ דער פאראיאָריקער גערעטעניש פונ קארטאָפל. אינ די געלאטעטע דובלט־פענצטער האָט זיכ באוויזנ א קליינער סאָרט זעלמעניאנערלעכ, וואָס האָבנ נאָכ ניט געהאט די מעגלעכקײַט מיט די אייגענע פיס ארויסצושפאצירנ אינ דרויסנ, ווײַל ביכלאל נוצנ זיי נאָכ צום באוועגנ זיכ מער דאָס געזעסל איידער די פיס.

אינ די רינעס פונעמ רעבזעהויפ בולבענ וואסערלעכ פונ ערעוו פרילינג, פריילעכע, זוניקע פלעקנ בלאָנדזשענ איבער די ווענט. דער רעבזעהויפ שיילט זיכ, ווי אנ אָפ, פונ די ברודיקע שנייענ, כוץ דער מומע גיטעס לאנגער שטוב מיט דעמ אויסגעבויגענעמ דאכ, וואָס שטייט שטענדיק אינ שאָטנ און איצט הענגט שוינ אויכ אמאָל א שלאָס אפ דער טיר. די מומע גיטע ווערט די לעצטע צײַט פארפאלנ.

דער פעטער איטשע קומט אמאָל צו, קוקט ארײַנ אינ די

פענצטער, נאָר אין דער סומנער שטוב איז קיינער ניטאָ. עס באַוועגן זיך בלויז די פּאָמפּעדיקלעך פון דעם פעטער זישעס פאַרצייַטיקע זייגערס.

אַלע זאָרגן אָבער פאַר דער מומען, און קענטיק, אַז סאָניע האָט אויך עפּעס געטאָן. זי האָט געשיקט אָנזאָגן אין הויף, אַז שטאַרק באַאומרויִקן זיך דאַרף מען ניט, ווייַל פּאַווליוק האָט זי ערגעץ געזען, די מומע גיטע, מיט פרומע ייִדן. פּאַווליוק מיט זייַן איידעלן כאַראַקטער איז אָבער צו איר ניט צוגעגאַנגען; ער האָט ניט געוואָלט פאַרשעמען די שוויגער.

אין עטלעכע טעג אַרום איז די מומע גיטע געשטאַנען מיט אַן עמערל קאַלך און געווייַסט די שטוב. זי האָט אַרויסגענומען די דובלטן פון אירע פענצטער. זי האָט געהייצט די אויוונס. נאָכדעם האָט מען געזען, ווי די מומע האָט געכאַפּט אַ ראָגאָזשקע און איז אַוועק אין באָד.

ווײַבאַלד אַזוי, האָבן שוין אַלע פאַרשטאַנען, אַז די זאַך איז דאָ ניט גלאַט.

און אַפן מאָרגן אינאָוונט איז עס טאַקע געשען.

דעם פעטער זישעס שטוב האָט אַרויסגעלויכטן אין הויף אַדורך אַלע ציכטיקע שויבן. די אָרומגעווישטע זייגערס אַף די ווענט האָבן געטיקעט, פרייַלעך געפאָכעט מיט די פּאָמפּעדיקלען און גערוקט די ווייַזערס.

אינמיטן שטוב — אַ ווייַסגעדעקטער טיש מיט אַ רויט פלעשל ווייַן, מיט טישטעכלעך, מיט טעלער, מיט אייער, מיט גלעזלעך. אויבן אָן איז געזעסן די הויכע, מעיושעוודיקע מומע גיטע אין דעם פעטער זישעס אַלטן קיטל, מיט שפּאַקולן אַף דער נאָז, געשאָקלט זיך און געשמאַק געזאָגט פון עפּעס אַ סייפערל.

די זעלמעניאַנער זייַנען אַרויס פון די שטיבער און פונדער־ווייַטנס, שטייענדיק בא זיך אַף די שוועלן, געקוקט מיט אַביסל

שרעק און אביסל שאנד אפ דער שטוב פונוואנען עס שטאמען אלע צאָרעס.

צי איז ניט אמאָל די מומע געריך͏ט פון זינען?

קליינע רעב זעלמעלעכ, פארלייגט די פינגער אינ די נעזלעכ, זײַנען געהאנגענ אפ דעמ פעטער זישעס פענצטער, ארײַנגעקוקט אהינ מיט ווילדער שטוינונג און אויכ מיט שרעק. לויט דער מומעס האלטונג און לויט אירע באוועגונגענ האָבנ זיי פארשטאנענ, אז דאָס קלײַבט זי זיכ מיסטאָמע שטארבנ. די קליינע רעב זעלמעלעכ האָבנ געהערט וועגנ דעמ, אז מענטשנ שטארבנ, זיי האָבנ אָבער נאָכ ניט געוווסט, וויִאזוי מע מאכט עס.

דערווײַל האָט מענ אוועקגעשיקט נאָכ טאָנקענ, זי זאָל זענ וואָס גיכער טאָנ עפּעס צו דער מאמענ. די מענטשנ האָבנ זיכ פארלאָרנ. נאָכ גוט וואָס דער פעטער איטשע איז דעמלט אָנגעקומענ פונ גאס. ער איז באלד צו צומ פענצטער, ארײַנגעקוקט אינ שטוב, און נאָכדעמ, ווי ער האָט מיט א טיפער קעלט באטראכט, וואָס זי טוט דאָרטנ, האָט ער זיכ א קער געטאָנ צומ הויפ:

— בעהיימעס, איר זעט ניט, אז זי פראוועט דעמ סיידער?

די זעלמעניאנער האָבנ זיכ א ריס געטאָנ צו די פענצטער. פארשטייט זיכ,—די מומע גיטע איז זיכ געזעסנ און געזאָגט די האגאָדע, זי איז געזעסנ געטונקט דעמ פינגער אינ ווײַנ און אָפּגעגאָסנ די מאקעס.

ס'איז שווארצ געוואָרנ דער הויפ פונ זעלמעניאנער.

רעדלעכווײַז איז מענ געשטאנענ בא דער מומע גיטעס פענצטער, ווי די יידנ אינ מיצראיִמ, גערעדט וועגנ פייסעכ, וועגנ צימוקימ־ווײַנ, וועגנ פיסעמוראמסעס. דערנאָכ איז מענ איבערגעגאנגענ גלאט צו רעכילעס, געבעלדעוועט, ווי די ווילדע ברויִמ.

ווײַזט אויס, אָבער, אז אויסער דער אייגענער פרומקײַט אינ הארצנ, האָט נאָכ בא דער מומע גיטענ געטליִעט א באדערפעניש

צו שטראָפנ דעמ אויסגעלאָסענעמ מענטשנ אויכ. זי איז פלוצימ אופגעשטאנענ, געעפנט א פענצטער אינ הויפ און אז ס'איז שטיל געוואָרנ, האָט זי געזאָגט:

— און דו, איטשקע, מיינסט, טע וועט דיר שאטנ כאסוועשאָלעמ אָפּהיטנ פּייסעכ, ווי אלע ייִדנ?

דער שטארק געפרווטער פעטער איטשע האָט נאָר באוויזנ אראָפּצולאָזנ דעמ קאָפּ. איינגעשטעלט זיכ פאר אימ האָט איצט די בייזע צונג, דעמ פעטער פאָליעס ווייבל:

— מומע,—האָט זי אויסגעשריענ, אימ לאָזט צורו, ער איז א ראבאָטשי!

דעמלט האָט זיכ די מומע גיטע א ווענד געטאָנ מיט איר מאנצבילשנ קאָל אינ אנ אנדער ריכטונג:

— און דו, מאלקעלע, האלסט זיכ שוינ, אפּאָנעמ, אויכ פאר א הײַנטוועלטיקער?

דאָס איז געווענ זייער א שווערע באשולדיקונג און די מומע מאלקעלע איז רויט געוואָרנ פונ בושע. דער אויסגעלאָסענער רעבזעהויפ איז אנטשוויגנ געוואָרנ אונטער די שטראָפּערישע בליקנ פונ דער פרומער מומענ.

דעמלט האָט זי פארשטאנענ די שאָ און אָפּגעהאלטנ א וויכטיקע דראָשע פאר די זעלמעניאנער אפ א הייליקער ווײַבערישער שפּראכ:

— ווערליק איכ זע,—האָט זי געזאָגט,—קומט די אויסגעלאסנקייט פונ הויפ נאָר פונ וועגנ צוויי שלעכטע מידעס. די איינע מידע איז—דאָס איר גיט נאָכ אײַער גופ, און אײַער באגער איז נאָר פרעסנ און זויפנ, דעהײַנע איר ווילט נאָר נאָכגיינ נאָכ טאנוגימ. די צווייטע מידע איז—דאָס איר זײַט ניט וואָרהאפטיק, קלוימער, איר ווילט ניט זענ פונוואנענ איר קומט און ווער איר זײַט.

ווען איר קומט פון איינע טיפע סרוכע און איר זייט בא אייער לעבנ און נאָכ אייער טויט אייטל ווערימ. דרומ גלוסט בעסער צו גוטע טאטנ. איר זאָלט ווערט זייננ כעסעד און מילדקייט און ניט צו דער הארבער שטראָפ, וואָס איז פאר אייך אָנגעברייט. און ווייסט איר, אויסגעלאסענע לייט, וואָס פארא שטראָפ איז פאר אייך אָנ־געברייט?—סקילע, סרייפע, הערעג, וואָכענעג!

אינ הייליקנ גרימצאָרנ האָט זי פארהאקט די פענצטער, וואָרומ ס׳איז טאקע געווענ א ביזאָיענ צו קוקנ, ווי א הויפ יידנ מיט ווייבער האָבנ אראָפגעוואָרפנ דעמ יאָכ פונ עמונע און, אָנשטאָט צו זיצנ אינ שטוב און אָפריכטנ פייסעכ, אוועקגעשטעלט זיכ טרייבנ רעכילעס בא יענעמ אונטערנ פענצטער.

אינ הויפ איז שוינ געווענ שטאָק כוישעכ און געהערט האָט מענ נאָר, ווי די ערעוו־פריליינגדיקע וואסערלעכ בולבענ אינ די רינעס מיט א גלעזערנעמ קלונג.

דעמלט האָט דער ברוקירער א בורטשע געטאָנ פונ דער פינצטער:

— שוינ אז אָכ און וויי צו אונדז, אז א יידענע דארפ אופ־האלטנ די יידישקייט!

און דערנאָכ האָט ער צוגעגעבנ נאָכ סומנער:

— און פארוואָס שווייגנ די ראבאָנימ, א בייזער יאָר אפ זיי, געפרעסנ אונדזער בלוט!

דער מאָרעשכוירעדיקער ייד האָט, קענטיק, דאפקע איצטער זיכ פארמאָסטנ אפ א גאנצער רעדע. דער פעטער איטשע איז אָבער פלוצלונג אפ אנ אומפארשטענדלעכנ אויפנ ווידער האָפערדיק געוואָרנ און גענומענ טרייבנ די מענטשנ:

— וואָס האָט איר דאָ ניט געזענ, בעהיימעס, וואָס האָט איר דאָ ניט געזענ?

און ער האָט זיי כאָפּטעסווײַז געטריבן אין די טוכלע שטיבער ווי מען פאַרטרײַבט גענדז.

עס האָט באַלד אַ קלאַפּ געטאָן אַן אײַזן פּון אַ לאָד אָפּ צו לייגן זיך שלאָפן. דער רעבזועהויפּ האָט אַ געגעצ געטאָן אָפּ אַ האַל־בער גאַס. שפּעטער איז נאָך וו־ניט־ווו געזעטן אַ זעלמעניאַנער, אַ פּאַרשפּעטיקטער זײַלעוועסויוועו, וואָס האָט זיך ניט געוואָלט לייגן אָן וועטשערע, און געריסן מיט וועלפּישע ציינער וואָבלע מיט ברויט.

דער רעבזועהויפּ האָט ביסלעכווײַז אײַנגעדרעמלט, ביסלעכווײַז, ביז ער איז ניט ענדגילטיק אַראָפּ אין אַ טיפן שלאָף.

איצטער קען מען זיי, די זעלמעניאַנער, קויפן און פאַר־קויפן.

*

אום האַלבער נאַכט איז אַ פאַרשלאָפענער זעלמעניאַנער אַרויס נאָך עפּעס אין הויף. ער האָט געזען:

בא דער מומע גיטען האָט נאָך געלויכטן, די פענצטער זײַנען אָבער געווען פאַרהאַנגען.

ער איז לאַנג געשטאַנען אין הויף און דײַטלעך געהערט, ווי עטלעכע קוילעס האָבן דאָרטן אין שטוב זיך געציקלט און גע־זונגען כאַדגאַדיאָ. דאָס איז, פאַרשטייט זיך, אויסגעקומען מאָדנע. דער כשאַד איז באַלד געפאַלן אָפּ דעם פעטער איטשע מיט דער מומע מאַלקעלע. מען האָט כוישעד געווען, אַז זיי האָבן עס אומישנע צעטריבן דעם אוילעם, קעדיי אוועקזועצן זיך נאָך־דעם זאָגן די האַגאָדע בא דער מומען.

דעם פעטער פאָליעס ווײַבל, וואָס איז אַ דעלעגאַטקע, האָט זיך לאַנג פאַרנומען מיט דעם איניען, געפּאָרשט און אויסגע־

פרעגט אלעמענ. געווענ מענטשנ, וואָס האָבנ געוואָלט אריינ־
מישנ אויכ צאלקענ, אז אויכ ער, הייסט עס, האָט עס דאָרטנ אינ
יענער נאכט געזאָגט די האגאָדע. ווייס מענ דאָכ, אז ער איז
אמאָל געשטאנענ אינ הויפ אונ מעכאדעש געווענ די לעוואָנע.

ווער וויס, צו וואָס די זאכ וואָלט ניט דערגאנגענ, ווענ עס
טרעפט ניט דעמלט א גרויסע פאסירונג, אנ אויסעראָרדנטלעכע
נאכט אינ רעבזעהויפ.

---

# 16

# אנ אויסערא̈רדנטלעכע נאכט

אינ הויפ זא̈גט מענ, אז דא̈ס הא̈ט מענ א̈פּגעריכט דעמ געבורטסטא̈ג פונ טא̈נקעס מײדעלע. דעמ פּעטער פּא̈ליעס װײַבל באװײַזט, אז ס'איז א גרויסער ליגנ, װא̈רומ דא̈ס מײדעלע איז גא̈ר געבא̈רנ געװא̈רנ אומ װינטער.

יעדנפאלס, הא̈ט נא̈כ דער הויפ אזוינס ניט געזענ.

אינא̈װנט הא̈ט מענ געבראכט צופירנ א קעסטל. פונעמ קעסטל הא̈בנ געשלא̈גנ רײכעס פונ ספּעטשעס, געװירצנ אונ פרישנ אויבס. די מומע גיטע הא̈ט באלד פארשטאנענ אינ װא̈ס סע גײט, פארשלא̈סנ די געפּעס אונ זיכ געלײגט שלא̈פנ.

צי הא̈ט זי געשלא̈פנ איז שװער צו זא̈גנ, װא̈רומ מיט דער מומע גיטע קענ מענ זיכ דורכרײדנ שלא̈פעדיקערהײט אויכ:

— מומע, װו איז דא̈ס קענדל?—פרעגט מענ בא איר.

— אפּנ בענקל נעבנ די װאסער,—ענטפערט זי פונ שלא̈פ.

שפּעט אינא̈װנט הא̈בנ זיכ אינ הויפ באװיזנ אומגעריכטע פּענעמער. אײנער, א גרויער, איז אפּילע צוגעפא̈רנ אפּ אנ אװטא̈מא̈ביל, א פארמאכטע מאשינע, װא̈ס הא̈ט מיט אירע צװײ קײַ־

ליעכדיקע פּײַערן א שטיק נאכט באומרויִקט דאָס אָפּגעלעגענע געסל.

דער רעבזועהויף איז דול געוואָרן. דער גאנצער שווײַגנדיקער שטאָם, קינד און קייט, איז ארויסגעקראָכן פון די שטיבער, גע־גאוועט פון שטוינונג, און געקלעפּט זיך נעענטער צו די פינצ־טערע ווינקלען פון דער מומע גיטעס שטוב, ווי פליגן קלעפּן זיך צו א זיס געבעקס.

אינדערפינצטער האָט געדודערט פון מענטשן, ווי אין א מאַן-הויז.

דעמלט האָט זיך דער פעטער איטשע אָנגעכאַפּט אָן אײַזן פון לאָד און אדורכן שפּאַלט ארײַנגעקוקט אהין, אין דער קישעפ־דיקער שטוב. ער איז באַלד פארבלענדט געוואָרן פונעם גלאַנץ און איז שוין אזוי אָפּגעהאַנגען אפן אײַזן פון לאָד ביז טאָג.

און אָט וואָס דער אַלטער פעטער איטשע האָט דעמלט געזען אין דער מומע גיטעס שטוב:

א ווײַס־געדעקטער טיש. אף אים — ציכטיקע גלאָזוואַרג, וואָס האָט קרוכקע אָפּגעקלונגען איבערן שטוב. די ווײַסע טעלער האָבן זיך צעגעטיילט פון די ווײַסע טישטעכער — ווײַס פון ווײַס. די הויכע שמאָלע גלעזער אָנגעגאָסן מיט ליכטיקײַט, די טעלער מיט א ציכטיקער ריינקײַט; אנדערע שווערערע שפּײַזן האָבן זיך אפן טיש ניט געזען.

און די געסט, ווער זײַנען די געסט?

ייִדן צי ניט ייִדן, ווײַסרוסן צי ניט ווײַסרוסן, נאָר עפּעס גרויסע סאָרטן פינטעפליושן. אַלטע פענעמער מיט טשופּרינעס אף די שטערנס, שיליוּעס מיט גרויע קעפּ.

— פאַרוואָס טוט מען שוין אָבער ניט אָן קיין ווײַסע מי־נישקעס, ס'איז דאָך פאָרט שענער?

און די מיידלעך?

דער פעטער האָט ליב די דאָזיקע שיינע מיידלעך: געשאָרענע מיט שניפּסלעך, מיט ווײַסע ציינדלעך, מיט רויטע קערשעלעך אַפּ די לאַצן. ער האָט זיי ליב, מאַכמעס, אַז ער נעמט אַ קאָפּ, קושט ער זיך פון אַלעמאָל מיט ווײַבער. ער ווייס, וואָס דאָס איז.

— איידעלע קינדער!

נאָכדעם האָט מען דערלאַנגט דאָס עסנוואַרג. דער פעטער איטשע האָט אַ שאַרף אויג, זעט ער, אַז די פּאַטראַוועס זײַנען ניט קיין זעלמעניאַנישע. די סימכע איז געבויט אַפּ קליינע נאַ־שערײַען פון בלעכענע פושקעס, סערוועטלעך, אַ לעק און אַ שמעק.

וואָס זעען מיר אַפּן טיש?

אַפּ אַ ווײַסן טאַץ זעען מיר עפּל, שיינע, געלע אַנטאָן. אין אַ קײַלעכדיקן טעלער — אַ קײַלעכדיקן טאָרט. אַפּ ווײַסע טעצע־לעך — פושקעס קאָנסערוון. אין אַ פּאַלומעסעק — אַ קליינ כאַזערל: דאָס טרייפענע קעפּל צוקאָפּנס, די פיסלעך אונטער זיך, און פונ־הינטן — אַ צונויפגעדרייט עקל, ווי אַ שטריקעלע. הויכע, שמאָלע גלעזער מיט סערוועטלעך אינעווייניק.

— אַ לעק און אַ שמעק!

אַ יונגערמאַן, אַ געשטופּלטער, מיט אַ ברייט פּאָנעם רעדט טיפ פון האַלדז:

— גוט קען ייִדיש. איך — מאָזיר געאַרבעט.

— דו קענסט אַפּולע מיט נאָכן!

אַזוי זאָגט טאָנקע אַפּ ייִדיש און שטעקט אים אַרויס אַ שטיקל צונג.

— דאָס איז ניט איידל!

טאָנקע טרינקט בראַנפן און עסט מיט די הענט.

— וואָדען? כרוק מיט די גראַבלקעס!

— אלעמיי אָט די איידעלע מיידלעך האלטן גראָד אזוי ריין דעם גאָפּל מיט די פינגערלעך?

נאָר טאָנקע רעדט און אלע ריידן צו איר. וויַיזט אויס, ס׳איז דאָ וואָס צו הערן. זי רעדט שיין רוס. זי לאכט. קענטיק, אז אָט די טאָנקע איז דאָ גאָר די פריילעכסטע פון אלע.

— נו, און בא אונדז איז דאָך עס שטום, ווי א פיש.

— זישקעס גאנייווישע בלוטן!

דער רעבזעהויף איז דול, ניט אלע קענען וויסן, וואָס סע טוט זיך אינעווייניק. פון דער אלטער שטוב גייט א געזאנג. דער מומע גיטעס שטוב ליגט הייַנטיקע נאכט אינעם רעבזעהויף, ווי א פיאנע.

אווארעמע נאכט. אין אזא הויכער־שטערנדיקער נאכט גלוסט זיך אביסל דורכטאנצן מיט שיינע מיידלעך.

פאלקע דעם פעטער איטשעס דרייט זיך ארום דער מומע גי־טעס גאניק. דער יונג איז עפּעס ניט בייַזיך. ער ווארט, אז טאָנ־קע וועט סאָפּקאָלסאָפּ ארויסגיין אייַנלאדן אים אף דעם געבורטס־טאָג פונעם מיידעלע. צי האָט ער ניט אויך געהאָדעוועט דאָס מיידעלע? צי האָט ער ניט אפילו געקאָכט א גאנצע נאכט הייס וואסער אפן פרימוס, ווען דאָס מיידעלע האָט געשריַען מיטן בייַכל?

ניטאָ טאָנקע, ז גייט טאקע ניט ארויס. וויַיזט אויס, אז זי וייס נאָך ניט ווער פאלקע איז. ער האָט אויסגעזוכט אין אלע קעשענעס און איז אייַליק אראָפּ פון הויף.

א ווארעמע נאכט. ס׳איז שווארץ־פרילינג, ווען די ערד איז נאָך שווארץ, דיביימער — שווארץ, ערעוו דעם אופקומענ פון די ערשטע גרינע קאָלירן. דער הויף האָט זיך מיט די שווארצע דעכלעך געקעכלט אין דער הויכער, אויסגעשטערנטער נאכט.

דער הויף איז פול געווען מיט קלאנגען און רעכילעס, געקאָכט ווי אין א קעסל.

וואָרום וואָס איז געווען דער רעבזעהויף אין גרונט? דער רעבזעהויף איז געווען אין גרונט א וועב־מאשין פון קלאנגען און רעכילעס. ער איז איצט געלעגן, ווי אן אָפּענער אויער, בא דער מומע גיטעס שוועל און געשושקעט אין אלע זײַטן מיט ברען, מיט אימפּעט:

— איר הערט, זי איז שיקער, באָרעכאשעם, און טאנצט שוין מיט יעדערן!

— מיט דעם אלטן אויך?

— מיט דעם אלטן אויך.

פאלקע, א פארשוויצטער, האָט זיך צוריק באוויזן אין הויף, געבראכט א פלעשל זובראָווקע און א טעלער רויע קרויט. ער איז אריין צו צאלקען מאכן אליין א יאָנטעוו.

— נאפליעוואט מניע!

אזוי זאָגט ער צו צאלקען און שטופּט אריין דעם קאָרעק מיטן פינגער.

צאלעל האָט צעשניטן א הערינג, אָנגעשאָטן זאלץ אין א פּאַפּירל און איז ארויס לײַען ברויט בא דער מומע־מאלקעלע.

נאָכדעם האָבן זיי זיך געזעצט טרינקען.

— לעכאַיִם—זאָגט צאלקע.

— פאר דײַן געזונט!—זאָגט פאלקע.

— נאפליעוואט מניע אפּ איר!

פאלקע שפּײַט אויס די ניטגוטיקײַט פונעם ביטערן בראנפן.

— דו הער וואָס איך טראכט,—זאָגט צאלקע,—זי איז פארליבט. ניט אנדערש זי איז פארליבט אין עמעצן מיט אן איימעדיקער ליבע, דעריבער וויל זי דאָ פון קיינעם ניט וויסן.

— וואָס ווילסטו האָבן?—פאלקע טוט א שפּײַ אדורך דעם

שפּעלטעלע צווישן די צוויי פאָדערשטע ציינער,—אַז בעסאַכאַקל קען זיך די דאָזיקע אינטעליגענטקע גאָרניט פאַרליבן.

— פונוואַנען ווייסטו?

— איך ווייס.

— נו, זאָג פונוואַנען?

— הער, ווייסטו גאָר וואָס? טשעפּע זיך אָפּ פון מיר.

פאַלקע ווערט בייז און גיסט אָן אין די גלעזלעך. ער איז שוין אביסל שיקער. צאַלקע זופּט אפגיך אויס דאָס גלעזל, פאַרבייסט אפילע ניט און וויל פאָרט, אַז פאַלקע זאָל אים דערקלערן דעם סאָד פון ליבע.

— וואַרט, טאָ וויאַזוי האָט זי דאָס קינד?

— נו, איז וואָס? אינטעליגענט בלייבט אינטעליגענט. אָט קען איך איינע א כאַווערטע, האָט זי זעקס קינדער.

— מיינסטו, אַז זי האָט דאָס קינד אויך געהאַט אָן ליבע?

— איי, טשעפּע זיך אָפּ פון מיר!

פון דער פינצטער, אדורך די ווענט פון דער מומע גיטעס שטוב, קייקלט זיך א געלעכטער. מע טאַנצט. טאָנקע פּראַוועט דעם געבורטסטאָג פון איר מיידעלע, און דאָ בלאָנקען אַרום די זעלמעניאַנער פאַרשמאַכט, קימאַט ווי מיט אַרויסגעשטעקטע צונגען.

— איי, ווי סע ווילט זיך אביסל בראַנפן!

ס'איז פינצטער. די ערד איז שוואַרץ, די דעכלעך—שוואַרץ, ערעוו דעם אופקומען פון די גרינע קאָלירן. די מומע מאַלקעלע, נישטערנדיק א גאַנצע נאַכט דעם פעטער איטשען איבערן הויף, האָט אים סאָפּקאָלסאָפּ געפונען הענגענדיק איבערן לאָד:

— שלאָפן גיי, מעשוגענער ייִד!

דער פעטער טראַכט אָבער אפילע ניט וועגן שלאָפן:

— אָט נאָך איין ווייַלע, מאַלקעלע...

— זע, ווּעסט פארשפּעטיקן צו דער ארבעט!
— וואָס ארט דיך, איכל ניט פארשפּעטיקן...

ס'איז שוין אזוי גוט, ווי נאָך האלבע נאכט. דער גרויסער בער, איבערגעקערט מיטן קאָפּ אראָפּ, הענגט אפן צאָפנדיקן הימל פונעם רעבזועהויף. בלויז א פּאָר פענצטער לײַכטן נאָך ארויס פון די אנטשוויגענע שטיבער.

פאלקע איז, נידאָגעדאכט, אנשלאָפן געוואָרן אפן שטול, בא דעם לײדיקן פלעשל. איבערן צימער שפּאַנט ארום דער צעטראָ־גענער צאלקע און טראכט, קענטיק, וויאזוי עס איז צערונען געוואָרן זײַן כאָלעם וועגן דער אָדעטער ווילע באם ברעג יאם. ערשט איצט איז אים, מיסטאָמע, קלאָר געוואָרן, אז אין יענער ווילע וועט ער שוין מיט טאָנקען קיינמאָל ניט וווינען.

אויבן, אין מויער, לײַכט שוין אויך א פענצטער. די מומע מאלקעלע דערציילט, אז דער פעטער פאָליע זיצט עס אויבן אין דעם מויער און טרינקט אויך.

דער גרויסער בער, איבערגעקערט מיטן קאָפּ אראָפּ, הענגט אפן צאָפנדיקן הימל פונעם רעבזועהויף. ס'איז פינצטער. די ערד איז שווארץ, די דעכלעך—שווארץ, ערעוו דעם אופקומען פון די גרינע קאָלירן. פון דער פינצטער, אדורך די ווענט פון דער מומע גיטעס שטוב, קײַקלט זיך א געלעכטער. מע טאנצט.

דער פעטער איטשע קען זיך, נעבעך, ניט אָפּרײַסן פון לאָד. אזוי איז מיט טויזנטער יאָרן צוריק דער טאנע הילעל געהאנגען איבער א פענצטער און זיך אויך ניט געקענט אָנשלינגען צו זעט. איצט הענגט שוין דער פעטער מיט אן אָפן מויל. בא דער מומע גיטען אין שטוב איז איצט, ווי אין א שיינעם טעאטער.

טאָנקע טאנצט.

בלויז איין לעמפל ברענט אויבן אפ דער סטעליע. טאָנקע טאנצט.

שמאָל, אינ א טונקעלער קלייר. די הענט אריבערגעפלאָכטנ אפנ הארצנ, דער קאָפּ—אביסל אינ א זייַט, זי וויגט זיכ שטיל אונ וייכ אינ קליינע טופּעלעכ איבער די ווינקלענ פונ שטוב.

די געסט זיצנ אינ שאָטנ פאזע די ווענט.

אָט שטעלט זי זיכ אָפּ אינמיטנ שטוב, קוקט מיט דעמ קליי־נעמ שמייכל אונ טוט א טאנצ פּאָרויס סאמע אפ די מענטשנ, האסטיקער, טופּעט פלינק מיט די קליינע שפּרייַזלעכ, אונ די שווארצע שיכלעכ פּלאפּלענ, קלאפּנ האסטיק איינס איבער איינס.

עס איז אזוי, ווי אירע פיס וואָלטנ עפּעס געשריבנ אפ דער פּאָדלאָגע מיט א שיינער האנטשריפט.

דער געשטופּלטער יונגערמאנ, מיט א צעפלויגענער טשופּרינע איבערנ הייסנ פּאָנעמ, שטייט אייַנגעבויגנ צו אירע פיס אונ פּאטשט שטארק מיט די שווערע הענט:

—וו פּריסיאדקו, טאָניא, וו פּריסיאדקו!

ער איז מאָדנע ערנסט. ער איז פּארטיפט אינ די געדאנקענ פונ טאנצ אונ סע גייט אימ אינ ביינ, אז זי זאָל דאָ באלד אופטאָנ א וווּנדערלעכע זאכ.

מיטאמאָל טוט זי זיכ טאקע א זעצ אונטער, ווארפט ארויס די צאפּלענדיקע שיכלעכ, וואָס נעמענ שווינדלענ גלאנציק, ווי שווא־רצע קלאווישנ אפ א פּיאנינע, אונ זי טאנצט זיצנדיק, אונ זי בלייַבט זיצנ אינדערלופטנ, וויגנדיק זיכ בלויז אפ די שפּיצנ פונ די אבסאצלעכ.

אָט אזוי זיצט א גוטער שווימער אפנ וואסער.

טאָנקע האָט געטאנצט אונ אינעמ רעבזעהויפ, ליגנדיק שוינ אינ די בעטנ, האָט מענ אומרויִק געהערט דאָס ווייכע טופּענ בא דער מומע גיטענ אינ שטוב, ווי עפּעס א נייַעמ ריס אינ הארצ, ווי נייַע, שטומע מוזיק, אָנשטאָט דעמ פּעטער יודעס אמאָליקע פּידעלע, וואָס האָט געקלאָגט אפ די זעלמעניאנישע כאסענעס אונ

געלערנט די הארטע רעב זעלמעלעכ לאָזנ א טרער אפ א סימכע.

— א וועלט, הא?

דער פעטער איטשע גאנוועט זיכ פאזע די' ווענט צוריק אינ שטוב אריינ. אומעטום איז שוינ דער פייער אויסגעלאָשנ, בלויז אויבנ, אינ מויער לייכט נאָכ ארויס א פענצטער.

אויבנ, אינ מויער, זיצט דער פעטער פאָליע. נעבנ אימ—א ליטער בראנפנ. ער זיצט אָנ באוועגונג, קוקט מיט פארשטארטע אויגנ אינ דער קעגנ־איבערדיקער וואנט. נאָכדעמ הייבט ער אופ די האנט, טוט א וויש די וואָנצנ אונ גיסט זיכ אָנ אינ גלאָז.

דער פעטער פאָליע איז דער איינציקער מענטש אפ דער וועלט, וואָס פארברענגט מיט זיכ אליינ!

— פונוואנענ נעמט עס א ייִד צו פיאנעווענ?

*

בא דער מומענ אינ שטוב ווערט שוינ שטילער. עס שאריעט אפ טאָג. דער אָפגעקראָכענער רעבזעהויפ טארטשעט ארויס פונעמ מאָרגנ־גרוי מיט די שפיצנ פונ די דעכער, ווי עפעס אנ אלטע איינגעפאלענע פעסטונג.

עס גרויט פונ אומעטום, בלויז די שויבנ אונ די לעכער פונ די ביידעמער זיינענ טיפ שווארצ.

שטיל.

אפנ פארקנ רירט זיכ עפעס א ווייס שמאטקעלע, קענטיק א ווינדעלע, וואָס א זעלמעניאנערטע האָט פונ נעכטנ פארגעסנ אריינצונעמענ.

די לעצטע געסט זיינענ שוינ אראָפּ פונ הויפ. בא דעמ פעטער פאָליע האָט זיכ שוינ אויכ אויסגעלאָשנ דאָס לעצטע לעמפל.

עס שאריעט אפ טאָג.

טאָנקע איז אביסל שיקערלעכ. זי שטייט אינמיטנ צימער אונ

בײַסט אַנ עפל. א ברעג פונ טישטעכ איז פארגאָסנ מיט װײַנ. אונטערנ טיש װאלגערט זיכ א לײדיק פלעשל. טאָנקע שאָקלט זיכ קוימ, בײַסט זיכ טיפ ארײַנ אינעמ קילנ פלײש פונ עפל אונ שמײכלט.

צי האָט זי זיכ ניט גענוג אָנגעטאנצט די נאכט?

די שװארצע קודלעס פאלנ איר אראָפ איבערנ פּאָנעמ.

איצט הערט זיכ גוט, װי סע טיקענ דעמ פעטער זישעס אלע זײגערס. אינעמ צװײטנ צימער איז פינצטער, קוימ, װאָס עס קריכנ ארויס פונ דער טונקלעניש דער אויװונ, די פאָליצקע אפנ װאנט.

— מאמע, װו שטײט די װארעניע?

— ניטאָ קײנ װארעניעס,—ענטפערט די מומע גיטע פונ שלאָפ.

טאָנקע שמײכלט. זי גײט צו אונ טוט אנ עפנ די טיר פונ גאס. א באגינענדיקע גרוי־ראָזעװע לופט פלײצט ארײַנ אינ שטוב פריש, װי א געזאנג.

נעבנ גאניק, אָנגעשפארט מיטנ קאָפ אָנ פארענטש, שטײט צא־לעל דעמ פעטער יודעס. ער האָט איצטער א שמאָל פּאָנעמ, װי בא א פויגל.

גרויער טאָג.

לינקס, אפנ הימל, האָט אויסגעשפריצט אײנ ראָזעװער פאסיק, װי א פאסיקל אײַזנ, װאָס הײבט אָנ גליִענ.

— נו?—טוט זי, װאקלענדיק זיכ, א שאָקל צו אימ מיטנ קאָפ.

— גאָרנישט,—ענטפערט ער.

זי בײגט זיכ איבערנ פארענטש אונ, בלאָנדושענדיק מיט די אויגנ איבערנ הויפ, פרעגט זי:

— דו, אינטעליגענטישע עקסיסטענצ־פאָרמע פונ װײַסלקערפער, דו, צאלקע, װאָס טראכסטו זיכ?

— גאָרנישט.

— איז טאקע עמעס, אז דו ביסט ניט צופרידנ מיטנ לעבנ?

— עמעס.

— יאָ, ניט גוט מיט דיר!

אים האָט זיך דעמלט אויסגעווּכט, אז זי האָט עס געזאָגט מיט מיטלייד.

— קום אהער!

דעמלט האָט אים טאָנקע ארומגענומען, אריינגעקוקט אין די אויגן און נאָכדעם א קוש געטאָן אין זיינע שמאָלע, קאַלטע ליפּן, וואָס האָבן זיך שוין אָבער געהאַט אָפּגעזאָגט ניט נאָר פון דער אָדעסער ווילע, ניט נאָר פון טאָנקען, נאָר אויך פון זיך, פון די אייגענע עטלעכע אָפּגעריבענע גילדן, וועלכע זיינען אים פארלאָרן געגאנגען, ווי פון א לעכערדיקער קעשענע.

טאָנקע איז אריין אין שטוב און פארוקט די טיר פון אינעווייניק, און ער האָט זיך ניט געריִרט פון אָרט, געשטאנען לאנג און געקוקט אף דעם פעטער זישעס קליאַמקע, ווי אף א פאר־שאָלטענעם צאַם, בעשומויפן ניט אריבערצושפרינגען.

*

פונקט ניין אזייגער אינדערפרי איז טאָנקע ארויס צו דער ארבעט.

דער רעבזעהויפּ איז געלעגן מיד, טויט מיד פון קלאנגען און פון רעכילעס. די טירן—נאָך צו. בלויז אויגן, אין מויער, איז דעם פעטער פּאַליעס ווייבל שוין געשטאנען באַם פענצטער און מיט טיפן באדויער נאָכגעקוקט די אויסגעלאסענע מויד.

דעם פעטער פּאַליעס ווייבל האָט דאָרטן אויבן באַם פענצטער נאָכגעקרימט מיטן קאָפּ ווי טאָנקע גייט און סאָפּקאָלקסאָפּ א זאָג געטאָן וועגן איר צו זיך אליין:

— שיין ביסטו? א שענערע לייגט מען אין קייווער...

# 17

## ווידער אומרוען אין רעבזעהויפ

פרילינג. ערעוו דער גרויסער קאָלעקטיוויזאציע.

דער רעבזעהויפ האָט געענטפערט אפ דעם מיט א כמורנעם פאָנעם, מיט א טשאטנדיקער קאלטער באָרד, און דעריקער—מיט א שטילשווייגנ ארום טאָנקען און בערען, וואָס פלעגנ דעמלט סיוּוי וואָכנ-לאנג אָפזיצנ אינ די דערפער.

אבי דאָ אינ רעבזעהויפ האָט מענ געמיינט, אז מיט די רעוואָליוציעס האָבנ מיר שוינ אזוי גוט ווי פארענדיקט!

אינ די באָטעמעדראָשימ איז מענ געזעסנ בא א כיילעוונעם ליכטל. קעסטניקעס אינ אָפגעסמאָדערטע סורדוטנ, מיט ריינע בערד, ווו יעטווידער האָר איז געלעגנ באזונדער, האָבנ איבערגעגעבנ יעדיעס, ווענג גרויסע געשעענישנ אינ לאנד. שפעט באנאכט האָט א וואנדערנדיקער יונגערמאנ, א כאזנ, וואָס האָט זיכ פונ ערגעצ-ווו אָפגעריסנ, אָפגעדאַוונט פאר א דרייַרובלדיקע א פינצטערנ מייַרעוו, ווו ער האָט מיט א שטילער טרער ארומגעזונגענ דעם פאָסעק „ווייהאָסייר מעאָליינו אויאייוו“.

אלע האָבנ דאָרטנ גוט פארשטאנענ אינ וואָס סע גייט,

אין די באָטעמערדראָשים האָט זיך געטאָן. שיינע ייִדן זײַנע אָנגעקומען פון גאָר דער וועלט. רעב יאַנקעוו־בויעז, דער שוואַ־כער באַלעבאַטישער שניטקרעמער, וואָס האָט שוין פאַרמאָגט שיר ניט אַן אייגענעם קאָלווירט, איז, נעבעך, ווידער געזעסן אין בעסמעדרעש באַם אויוון, כאָטש ס'איז שוין געווען טיף פרילינג. ער האָט אויסגעזען, ווי אַ ניסרעף, אַזאַ ניסרעף, וואָס אים גופע האָט מען ערגעץ אַרויסגעשאַרט פון פײַער. מיט רעב יאַנקעוו־בויעזן האָט געהאַלטן גאָר שלעכט. ס'האָט אַ ריס געטאָן די קאָלעקטיוויזאַציע, אַף די בלײַענדיקע פעלדער האָט זיך די שטאָט אויסגעמישט מיטן דאָרף און אין אָט דעם פרילינגדיקן שטורעם איז ער, רעב יאַנקעוו־בויעז, פּלוצלונג אַרויסגעפלויגן פון קאָלווירט אין איין העמד. ער וווּנדערט זיך אַף זיך אַליין. ער זיצט באַם אויוון און וווּנדערט זיך, וויאַזוי איז עס געשען, וואָס ער, דער יוסטער רעב יאַנקעוו־בויעז, איז שוין צום צווייטן מאָל בעדילהאַדאַל געוואָרן.

פרילינג. ער איז אָנגעקומען מיט פעטע, פרילינגדיקע נעכט. ער איז אָנגעקומען מיט אַ וואַרעמען ד'אַמפּ איבער די פעלדער, מיט קליינע שטאָטישע בריגאַדעס, וואָס האָבן זיך אין די באַ־גינענדיקע נעפּלען געצויגן איבער אַלע וועגן און טראַקטן צום אופגערודערטן דאָרף. ער איז אָנגעקומען מיט אַ שפּריצערײַ פון פונקען אין די דאָרפישע קוזניעס.

דער פרילינג איז דעמאָלט אויך אָנגעקומען צו דער שטאָט. ער איז אָנגעקומען סײַ מיט אַ רייעך פון גראָזן, סײַ מיט אַ פּאָר צענדליק שוואַרצע פייגל אַף די די הויכע טאָפּאָלן באַ דער עלעקטרעסטאַנציע, סײַ מיט יונגע באָטאַניקער, וואָס האָבן אַף די ביימער פון שטאָט-גאָרטן געשניטן די אָפּגעדאַרטע ריטער, סײַ מיט ברוקירער אינעם אופגעריסענעם ברוק צווישן ריינעם־פרילינגדיקן זאַמד.

פרילינג. ער איז אָנגעקומענ מיט א נײַעם דאָר קליינע, פריילעכע מיידלעך, צײַטיק־געוואָרענע פארנ ווינטער אינ די שטיבער. ער איז אָנגעקומענ מיט שטאר־שטיבלעך ערגעצ אפ הויכע דראָנגענ, מיט קלאָרע וואסערנ אינ די טײַכנ, מיט קאָלדרעס אפ ד פלעקענער אונ מיט דעם ערשטנ ווײַסנ צוויט אפ עפלביימער.

ער איז, ענדלעך, אָנגעקומענ מיט ארויסגענומענע דובלט־פענצטער אינעם רעבזעהויפ אפ ארויסלאָזנ די אלטע טוכלעקײַט פונ די שטיבער.

דער פרילינג איז אָנגעקומענ מיט א הילכיקנ טופענ פונ פאָדקעוועס אפנ ברוק, מיט א גרויסנ דאָרשט אינ גומענ, מיט באָרוועסע קינדערשע פיסלעך, מיט א שווארצנ רויך פונ פעך אינ די גרויסע קעסלענ אפ די גאסנ אונ מיט קורצע ברוקירער, וואָס זײַנענ שוינ געזעסנ אינעם אופגעריסענעמ ברוק צווישנ ריינעמ, פרילינגדיקנ זאמד.

דעמלט איז בא דעם פעטער איטשע אינ שטוב געווענ קיל אונ האלב־טונקל.

דער מאָרעשכוירעדיקער ייִד, דער ברוקירער, איז אפ זײַנ אײַזנ־באשלאָגענעמ קופערט געזעסנ מיט פארבראָכענע הענט אונ געטראכט מוירעדיק. ער האָט געטראכט וועגנ אנ אָפגענומענער מיל, וועגנ אנ אומגעקומענעמ שטאל מיט בעהיימעס אונ וועגנ דעמ, אז עס איז שוינ זומער, אונ ער איז — צום גרויסנ בראָך — קיינ ברוקירער ניט.

א גאנצנ ווינטער האָט דער ייִד געגאָלטנ פאר א ברוקירער, אונ דער הויפ האָט, טראכטנדיק וועגנ אים, אלצ ארויסגעקוקט אפ די שיינע זומערדיקע וועטערנ, נאָר דער ווינטער איז אוועק אונ די זעלמעניאנער גייענ שוינ ארום פונ א לענגערער צײַט אָנגעכמורעטע אונ קנײַפנ זיך אינ די ענבויגנס:

— זעט, מענטשנ, אלעמײַ ברוקירט ער ניט?

— אלעמאל גייט ער ניט, דער אומגליק, זוכן ארבעט?

דער מוטנער קוק פונעם ייִדן, איז, ארומבלאָנדזשענדיק איבערן שטוב, געפאלן אפן דעם פעטער איטשעס פארגעסענער מאשין. זי איז דאָ געשטאנען אין ווינקל מיט אירע לעפעשעוואטע אייזערנע ריפן, ווי אן אויסגעגראָבענער סקעלעט פון דער אמאָליקער שניידעריי.

דעם ייִדנס געדאנק האָט זיך דעמלט אָנגעכאפט אָן דער מאשין, דער געדאנק האָט אים געטאָטשעט לאנג, עפשער א גאנצן טאָג, ביז דער פעטער איטשע איז ניט געקומען פון דער ארבעט.

טכילעס האָט דער ייִד געקוקט אפן פעטער נאָר מיט א שטומען בליק, געוואָרט דער אלטער זאָל אָפטרייסלען פון זיך די פאבריקע און ווערן צוריק א שטוביקער. און אז דער פעטער איטשע האָט זיך אנידערגעשטעלט פליעסקען אונטערן קראן — א סימען, אז מאָרגן איז א רו־טאָג, האָט דער ייִד קלוימערשט גלייכגילטיק א פרעג געטאָן אפן מאָרעשכוירעדיקן קאָל:

— די שניידעריי איז א פראָפעסיאָנאלנע זאך?

— ווי־זשע מיינט איר, ניט קיין פראָפעסיאָנאלנע?

— און פראווע גאָלאָס גיט זי?

— אוואדע גיט זי.

פאר דעם מאָרעשכוירעדיקן ייִדן איז געווען גענוג. ער איז געבליבן זיצן, א שווערער און א קורצער אפן קופערט, פארגליווערט ווי א מאָכיקער שטיין.

*

דאָס שטיבל איז געלעגן אין איר פינצטערניש און דאָרשטיק ארומגעשלאָפן א יעדע פיצל נאכט. די לעוואָנע קומט קיינמאָל ניט אריין אזוי טיף אין רעבוזעהויפ.

דער פעטער איטשע האָט איידל ארויסגעפייפט פון זיך די

כאלוימעס. דאכט זיך, ערגעץ איז שוין געזאָגט געוואָרן, אז דער דאָזיקער פעטער שרײַט ניט פון שלאָף, נאָר ער שמייכלט פון שלאָף.

פלוצלונג האָט זיך די מומע מאלקעלע א רודער געטאָן און זיך אופגעכאפט פון א וויסטער שרעק:

— איטשע, דו הערסט?

— וואָסי?

— דו הערסט?

אינדערפינצטער האָט די אלטע מאשין געגייט פון זיך אליין, ניט אזוי געגייט, ווי הייזעריקלעך געקנאקט און געכראָכן נאָדלען.

דער פעטער איטשע—א שלאָפנדיקער נאָך, האָט מיט אן אופגעטשובעט שפעלטל אין מארך א גרויליקן טראכט געטאָן, אז דאָס נעמט פון אים נעקאָמע דאָס אלטע לעבן, דאָס נידעריקע שטיבל, דער לאָמפ, די קאָטשערע, די אלטע ייִדישקײַט:

— אָט האָסטו דיר.

די אומגליקלעכע מומע האָט קוים אָנגעריבן א שוועבעלע. דעמלט האָבן זיי דערזען: דער ברוקירער, אין א צעכראסטעטער טונקל-לײַנענער העמד, זיצט צונויפגעקוטשעבורעט בא דער מאשין ווי א האָריקער קנויל, און בײַסט די פעדים מיט די ציינער.

— ס'איז גאָרנישט,—האָט ער זיי בארויִקט,—דאָס ניי איך א מאלבוש.

דער פעטער איטשע איז ארויסגעשפרונגען פון בעט. ער האָט געוואָלט מיט דער גאנצער אײַנגעשפּארטקײַט וויסן איינס פון דיביידע:

— איר זײַט מעשוגע צי כאָסערדייע?

דער ברוקירער האָט געשוויגן-געשוויגן, דערנאָך האָט ער אופגעהייבן דעם צעפּאלאָשעטן קאָפּ און א זאָג געטאָן מאָדנע רויִק, דערהויפט—צו דער מומע מאלקעלע:

— וועגן קרויוועשאפט רייד איך ניט. א קאָריעוו איז א הונט. אָבער כ'וויל וויסן: יידן זײַט איר נאָך, צי ניט?

און ער איז אופגעשטאנען מיט א פאריבל:

— אויב איר זײַט נאָך יידן, זאָג איך אײַך, אז כ'מוז ווערן א שנײַדער!

*

די נאכט איז געווען א שווערע. עס האָבן זיך אלץ געכאָלעמט קאָטשערעס, אכטער לאָמפּן, די גרויסע טעפּ פונעם רעבזעהויפ.

דער רו־טאָג האָט שוין לעריבער ניט צוגעזאָגט קיין גוטס.

די זעלמעניאנער האָבן זיך עפּעס געוואָלט איינע די אנדערע דוירעס זײַן. אינ אזא זאָלקן טאָג איז אזוי אָנגעזאָליעט אפּן הארצן, אז ס'זאָל קיינ מענטש ניט זײַן מיט וועמען זיך צו קריגן, קען מען אָפּטאָן דערוויסט וואָס.

און פונקט צווײ באטאָג איז צוגעפאָרן דער אווטאָמאָביל צום הויפ.

דרײַען זײַנען זיי צוגעפאָרן אינ אנ אווטאָמאָביל. צווײ גע־ווײנלעכע מענטשן, די הענט אינ די קעשענעס, און איינער אנ אלטער, מיט א גרויסער צווייקער באָרד, מיט א פאנאנדערגע־שפּיליעטן מאנטל איבערן בויך און מיט א צעקנייטשט אינזשע־ניעריש היטל אפּנ קאָפּ.

טאָנקע האָט זיי געפירט.

די מענטשנ האָבן באטאפּט די איבערגעפוילטע קלעצער פונ די שטיבער, ארײַנ אינ מויער. בא דעם פעטער פאָליען אינ שטוב האָבן זיי זיך געזעצט שרײַבן.

דעמלט איז טאָנקע אראָפּ אונטן צו די מעוולוועלע זעלמעניא־נער:

— דאכט זיך, אז מע וועט אראָפּנעמען דעם רעבזעהויפ.

— אלעמײַ?

בא אלעמען האָט אָפּגענומען דאָס לאַשן.

— מע דארף,—האָט זי געזאָגט,—ער קען נאָך אמאָל איינ־פאלן!

דעמלט איז געוואָרן פינצטער אין די אויגן. דער צעיושעטער פעטער איטשע איז ארויסגעפלויגן פון שטוב מיט א שטעקן אין האנט. די העמד—צעשפּיליעט, אָן א היטל, האָט ער געפאָכעט איבער די באוואקסענע זעלמעניאנישע קעפּ מיט דעם לאנגן בע־ראָזעווען פלאָקן:

— גאזלאָנים, וואָס שווייגט איר? אונדזער הויף, דעם טאטנס שווייס!..

די ווייבער האָבן געכאפּט בעזעמער און געשטעלט זיך קעגן דעם הויף. פלוצים האָט דער פעטער א שליידער געטאָן דעם פלאָקן, אָנגעכאפּט זיך אָן א וואנט און איז זיך פארגאנגען אין א געוויין. ער האָט זיך אָנגעכאפּט אָן דעם פעטער יודעס שטוב, ארומגענומען זי און געכליפּעט, ווי אן אייפעלע:

— אָ, יודע, ברודער מיינער, ווו ביסטו? צי לעבסטו נאָך?

זיינע אקסלען האָבן געצוקט. ערשט דעמלט האָט די מומע מאלקעלע דערזען, אז בא אים, בא דעם פעטער, איז שוין אויס־געקראָכן קימאט דער גאנצער אונטערשטער טייל פון קאָפּ.

רוויקערע זעלמעניאנער האָבן דערווייל געראטעוועט, וואָס סע האָט זיך געלאָזט. די מומע גיטע האָט פארהאקט די לאָדן און איז ארויס אין הויף קלייבן ברעטער און שטיינער און שלעפּן אין שטוב אריין. צו די אָפּהענטיקע ווייבער האָט זי געטיינעט, ווי פון בויך:

— וואָס שטייט איר אזוי, ווי די גוילאָמים, נעמט טוט עפּעס...

— איר זעט ניט, אז איך קער, מומע?—האָט זיך פארענטפערט כייעלע.

די מאנצבילן זיינען געווען פארנומען מיטן פעטער איטשע,

געשטאנענ ארום אים און געהיט ער זאָל ניט אָפּטאָנ עפּעס אווינס, וואָס עס קענ אים נאָכדעם פארדריסנ. דער פּעטער איטשע איז נאָכ אלצ געשטאנענ בא דער וואנט, געקלאפּט זיכ אינ הארצנ און געשריִענ:

— אוי, איכ'ל פּאָרנ צו קאלינינענ!

דעמלט איז פאלקע אראָפּ פונ מויער, אראָפּ פונ אויבנ, ווו ס'איז געזעסנ די קאָמיסיע, איז גלײַכ צו צומ טאטנ און שטרענג א זאָג געטאָנ:

— טאטע, קאָכ זיכ ניט, קאפּיטאליזמ איז בא אונדז אָפּגעשאפט!

— גיי אוועק, וואָרומ איכ צערײַס דיכ, ווי א הערינג!

נאָכ גוט, וואָס פאלקע האָט קיינ מוירע ניט פארנ טאטנס ווילדנ כאראקטער.

— קאָכ זיכ ניט,—האָט ער געזאָגט,—דאָ וועט מענ אויסבויענ א פאבריק!

און טאָנקע האָט געזאָגט:

— א שיינער ארבעטער!

דעמלט האָט זיכ דער פּעטער א וואָרפּ געטאָנ צו איר:

— געפעלט דיר ניט? עפשער וועסטו מיכ אראָפּנעמענ פונ דער ארבעט אויכעט? כאזער—עס! מיינסטו, מיר האָבנ ניט געזענ דעמ כאזער אפנ טיש? גיי טרינק בראָנפנ! איר הערט, וואָס איכ זאָג—זי איז שולדיק. אָט זי וויל אונדז אומברענגענ.

— וואָס זאָל מענ טאָנ, אז מענ שעמט זיכ פּאָרט פארנ מאמעזער?—האָט פּאָליעס ווײַבל ארײַנגעשריִענ טאָנקענ אינ פּאָנעמ ארײַנ.

— זישקעס בלוט!

— ארויס פונ הויפּ!

— דײַנ פוס און דײַנ גליד זאָל דאָ ניט זײַנ!

די וויַבער האָבן זי אַרומגערינגלט מיט די צעפּלאָשעטע פּאַ־טשיילעס, ווי אַ סטײַע אַלטע פֿייגל. זיי האָבן זי אַרומגערינגלט ווי אַ סטײַע פֿייגל מיט איבערגעבראָכענע פֿליגלען. אַ גליק, וואָס צאַלעל דעם פֿעטער יודעס האָט זיך דעמלט אַרײַנגעריסן צווישן די וויַבער, פֿאַרשטעלט מיט זיך טאָנקען, געהויבן די ברילן אַף דער בלייך־געוואָרענער נאָז:

— וואָס איז געשען, נאַיִווע מענטשן, מע וועט דאָך אײַך געבן בעסערע דירעס, וואָס איז געשען?

— דירעס־שמירעס. מויכל מיט אײַערע דירעס!

— לאָזט אונדז אויסלעבן די יאָרן אין אַלטן רעבזעהויף!

*

דער אווטאָמאָביל האָט אַ פּײַפּ געטאָן, אַרויסגעלאָזן הינטער זיך אַ קליין וואָלקנדל צום רעבזעהויף און איז פֿאַרשוווּנדן הינטער אַ ראָג.

וויִאַזוי האָט זיך דעמלט דערפֿילט דער רעבזעהויף? דער רעב־זעהויף האָט זיך דעמלט דערפֿילט פֿאַרלאָזן, עלנט, ווי אַ שטיין אַפֿן וועג. מע איז אַרײַן אין די שטיבער שווײַגנדיקע און געזעצט זיך באַטראַכטן די זאַך.

די אונטערגייענדיקע זון האָט מיט געלע פֿלעקן פֿאַרהאַנגען ווי אַ שויב, ווי אַן איבערגעטריקנטע טיר אַף איין זאַוויעסע.

צי קומט שוין דאָ ביכלאַל ניט אָן דער סאַמע סאָף צו רעב זעלמעלעס שטאַם?

פֿאַלקע איז אַרויס אַפֿן שוועל, אַ שמעק געטאָן די לופֿט און ס'איז אים ניט געפֿעלן, האָט ער אַרײַנגעלייגט די פֿינגער אין מויל און אַ פּײַפּ געטאָן. נאָכדעם האָט ער געטאָן עטלעכע שפּרײַזן אינעם שטום־אַנטשוויגענעם הויף און אויסגעשריִען:

— זעלמעניאַנישע קאָנטער־רעוואָליוציע—ראַזאָיִדיס!

די זעלמעניאנער, בלאס אונ צעטומלט, האָבנ זיכ ארויסגערוקט צו די פענצטער. אינ די קליינע שייַבלעכ האָבנ זיי אויסגעזענ, ווי בערדיקע פּאָרטרעטנ פונ פארגאנגענע דוויזעס. עס האָבנ זיכ א שאָט געטאָנ אינ די שטיבער טויטע קלאָלעט ניט אפנ כעזשבנ פונעם שטיק גאָרנישט, נאָר דאפקע אפ טאָנקענ, וואָס אָט זי' גראָבט אונטער דעם הויפ.

בלויז דעם פעטער פאָליעס שווארצ ווייַבל, האָט דאָרטנ אויבנ אינ מויער געעפנט א פענצטער אונ אראָפּגעשריענ:

— גראפ קאָנדראט, גיי צו דער געלער שנייַדערקע!..

די זעלמעניאנער האָבנ באשלאָסנ אויסשווייַגנ דאָס בייז. שווייַגעניש ארבעט מענ דאָ ארויס פונ זיכ איינציקווייַז אזוי, ווי א שפינ דעם שפינוועבס.

עס האָבנ געשוויגנ די הארטע, ניט־געקאמטע בערד, די אראָפּגעלאָזענע נעזער. עס האָבנ געשוויגנ די ביינערדיקע הענט אינ די צענויפגענומענע ארבל. עס האָט געשוויגנ דער דאכ.

א פּאָנעם האָט זיכ צונויפגעלייגט מיט אלע זייַנע קנייטשנ אונ בערגלעכ, ווי א גוט צונויפגעלייגט קעסטל, פארקוועטשט דעמ מויל אינ זיכ, די קאלטע נאָז ארייַנגעפלאָכטנ אינ די ליפּנ אונ געשוויגנ מיטנ גאנצנ הארטנ קאָפּ, מיט די סוקעוואטע באקנביינער, מיט די גריבער אינ די באקנ, מיט די שטארע אויגנ אונטער די ברעמענ, ווי צוגעפראָרנ וואסער.

עס האָבנ געשוויגנ די קאטוכנ אונטער די אויוונס, די גרויסע טעפּ, דער נידעריקסטער שטיינ פונ פונדאמענט.

די עלעקטרע האָט מענ אינ יענער נאכט ניט אָנגעצונדנ, מענ האָט געהאלטנ, אז פונ דעם האָט זיכ, אייגנטלעכ, אָנגעהויבנ דאָס שלעכטס.

---

# 18

* * *

(טעלעגראַפיש דעם „אָקטיאַבער")

דער ביכאָוועד שוסטער־אַרטעל האָט זײַן פּלאַן פון ערשטן קוואַרטאַל אויסגעפילט אַף די גאַנצע הונדערט.

אַרטעל־פאָרזיצער—פּאָלאָוועצ.

## 19

# גראָפ קאָנדראַט
# אָדער פאלקע דעם פעטער איטשעס

קאָנדראַטיעווע, די גראַפיניע, מיט אירע טויזנט געראָכן פון יאָר און נעגעלעך, מיט די ראָזע פינגער, מיט די קנייטשעלעך אַרום די אויגן — האָט ביסלעכווייַז אויסגעוואונען, זיך אויסגעוועבט, ווי אַביסל לעוואָנע־שייַן עפעס אַפ אַ פּאַרקן.

אויב די קאָנדראַטיעווע קומט נאָך אַמאָל אין הויף, איז עס אין אַ ווינטערדיקן כאָלעם צו אַן אַלטן מאָרעשכוירעדיקן זעלמעניאַנער, וואָס זייַן ווייַב האָט אים ניטדאָגעדאַכט דערעסן, ווי אַ ביטערע ציבעלע.

פאלקע געדענקט שוין קימאַט ווי גאָרנישט פון איר אויסזען, בלויז איר רויט פענצטערל אַפן פערטן גאָרן שווימט נאָך אַמאָל אַרויס פאַר זייַנע אויגן, ווי ערגעץ באַנאַכט אַן אומרויִקער סעמאַפאָר בייַ אַ דורכפאָרנדיקער סטאַנציע.

אַזוי איז עס געווען. זי איז געווען אַ מאַלקע־שוואָ, געוועבט פון פּעקאַל און ליבע, וואָס האָט אים אין וולאַדיוואָסטאָק, דער

קישעפדיקער שטאָט, געוואַלט אײַנשלעפערן און פארפירן. נאָר אופגעוועקט, ווי באוווסט, האָט אים טאַנקע מיט פּײַערדיקע פּעטש בא דער קאַלטער גלאָז טיי מיט ברויט.

וועגן דער געלער שנײַדערקע איז שווער עפּעס צו זאָגן גע־נויער. ס'איז נאָך ביכלאָל א פראגע, צי די מײַסע מיט דער שנײַ־דערקע איז ניט אמאָל אַן אויסטראכטעניש פונעם פעטער פּאָליעס ווײַבל. יעדנפאלס, דארף מען מיינען, אז ניט זי, די געלע שנײַ־דערקע, האָט אים אויסגעהיילט פון זײַנע ליבע־אָנפאלן.

פאלקע האָט איינע א קליינע מיידל כאנעלע. מיט איר ליבט ער זיך אלעמאָל. דעם פעטער פּאָליעס ווײַבל וויל, קענטיק, אומישנע וועגן דער דאָזיקער מיידל ניט דערמאָנען, ווײַל סאָפּ־קאָלסאָפּ וועסטו ניט טרײַבן רעכילעס וועגן דעם, וואָס א באָ־כער ליבט זיך אין א מיידל. אלע ווייסן, אז ס'איז אן אלטע אָנ־גענומענע זאך.

*

כאנעלע איז אלט זיבעצן יאָר. זי פארמאָגט א פול־קײַלעכדיק פּענעמל, היפּשע בריסטלעך און רונדע דיקע פיסלעך.

זי שפּילט, אלזאָ, א ליבע מיט פאלקען.

ער פאָרט מיט איר אפ א שיפל איבערן סוויסלאָטש און פון א פאפירל עסן זיי פּיראָזשנעס. זיי שווימען אראָפּ טײַך. אונטן אהינטערן זאוואָד „קאָמונאר", קושן זיי זיך און שווערן זיך טרײַהײַט.

כאנעלע פאטלט אים מיט די קורצע פינגערלעך די טשופּרינע אפן קאָפּ און פרעגט:

— פאלקע, דו וועסט זײַן מײַנער אפ אייביק?

— יע.

— שווער זיך!

פאַלקע גנעמט זי דעמלט שטײַף אַרום און זאָגט:

— שווער זיך דו...

— איך שווער זיך,—זאָגט כאַנעלע,—בײַ מײַן מאַמען, אַז איך'ל דיר זײַן טרײַ מײַן גאַנצן לעבן.

— פּרעקראַסנאָ!—זאָגט פאַלקע.

דאָס שיפל לאָזט זיך אַראָפּ נידעריקער צו ליאַכאָווקע.

דער סוויסלאָטש עטעמט קוים מיט די איבערגעפּוילטע אַלטע קעץ פון זײַנע גרונטן. דאָס וואַסער איז צוגעטאָן אין א דיק הײַטל, קאָלירט זיך מיט די שײַנען פון א רעגנבויגן. פון דער צווייטער זײַט, אויף די זאַמדיקע בערגלעך, שטייען שטי־בעלעך אַרומגערינגלט מיט קליינע סעדלעך. אין די סעדע־לעך בליט רויטער מאָן. א באַן יאָגט דורך קעניגסבער אויפן בריק. לינקס סטאַרטשען די הויכע זאַוואָדישע קוימענס, וואָס שפּאַרן א שוואַרצן קנוילי ריקן רויך.

פאַלקע פאַרקאַשערט די הויזן, שפּאַנט איבער גרין געדיכטן וואַסער און שטופּט דאָס שיפל פון הינטן:

— האַלט זיך, כאַנעלע, האַלט זיך.

באַנאַכט שטייט שוין דאָס שיפל ווײַט אַראָפּ טײַך, אונטער א ווערבע־בוים. די לעוואָנע רינט אַראָפּ אין שיפל פון די געדיכטע רויע צווײַגלעך. אויף דער לאָנקע באַם ברעג טײַך פּאַשעט זיך א פערד; ער טופּעט מיט די געפּענטעטע פיס אינדערפינצטער, כראָפּעט, און פאַלקע מיט כאַנעלען קושן זיך.

— שווער זיך,—זאָגט זי צו אים.

ער קושט זי און זאָגט צו איר:

— שווער זיך דו.

— איך שווער זיך,—זאָגט כאַנעלע,—בײַ מײַן מאַמען, אַז איך'ל דיר זײַן טרײַ מײַן גאַנצן לעבן.

— פּרעקראַסנאָ,—זאָגט פאַלקע.

נאָכ האַלבער נאַכט לאָזט זיכ פאַלקע אַרײַנ אינ שטוב. ער כאַפּט אַ שטיק ברויט אונ לויפט אַפ דער פערטער סמענע.

פאַלקע אַרבעט בא צוויי מאַשינעס אַפ דער עלעקטרעסטאַנציע.

ער זיצט אַפ אַ בענקל אונ הערט אַרויס פונ די צענדליקער געראַשנ דעמ קאָל פונ זײַנע צוויי מאַשינעס. אויב ס'נעמט ווי כריפּענ, גיסט ער צו אײל פונעמ קענדעלע. ער קוקט אַפ די שוואַרצע ווײַזערס. אויב סע נעמט ווי קלינגענ, דרייט ער אויס דעמ דאַמפ פונ די רערנ. פאַלקע פאַרשטאָפּט די אויערנ פונ געראַש, קעדיי ער זאָל נאָכדעמ הערנ בעסער. די מאַשינעס אַרבעטנ ריינ, אָנ כריפּ, אָנ קלענג.

ער גייט צו אינ אַ ווינקל, ווו דער מאַשיניסט שרײַבט עפּעס באַמ טישל, בייגט זיכ אײַנ איבער זײַנ גרויענ קאָפּ אונ שרײַט אימ אַרײַנ אינ אויער:

— מאַקאַר פּאַוולאָוויטש, כ'בינ פאַרליבט!

— וואָס, אַ שיינ מיידל?

— ניטשעוואָ!!

אָט דאָס שרײַט פאַלקע אַרײַנ אינעמ שטורעמדיקנ צעכ, צו די טויבע כוואַליעס פונ די אײַזערנע געראַשנ אונ לויפט צוריק צו זײַנע מאַשינעס.

*

אינדערפרי האָט זיכ דער רעבזעהויפ געבראָכנ פונ פאַרשיידענע שווערע שווײַגענישנ, אָנגעשוואָמענע, ווי וואָלקנס אַפנ הימל.

דער הויפ האָט אָוולדיק געשטומט.

פאַלקע, ערשט נאָכ דער אַרבעט, ניט קיינ אויסגעשלאָפענער, איז אַרומגעגאַנגענ איבערנ הויפ, אונ געזוכט אַ מענטשנ, וואָס זאָל אימ געבנ באַשייד צו דער שטומעניש. אַלע האָבנ בלויז טרויעריק צוגעשאָקלט מיטנ קאָפּ.

ער האָט אָפּגעשטעלט בערעס א יאַט אינ א פּאָר יוכטאָווע שטיוול ביז איבערנ בויכ.

— וואָסי דאָ?

— גאָרנישט, דער זיידע יודע איז געשטאָרבנ.

פאַרטאָג האָט א ייִד געבראַכט א פּעקל אינ רעבזועהויפ, אַרײַנגעטראָגנ אונ אַוועקגעלייגט צו צאַלקענ אפנ טיש. ער האָט גאָרנישט געזאָגט. אינ פּעקל—א פּאָר מעשענע שפּאַקולנ, אנ אַלטער טאַלעס אונ א פּאָר שטיוול.

אָט דאָס איז, אַלזאָ, איבערגעבליבנ פונעמ פעטער יודע!

דער אוילעמ איז שווײַגנדיק אַרײַנ צו צאַלעלנ אינ שטוב, אַרומגעשטעלט זיכ אַרומ טיש אונ באַקוקט מיט אומעטיקע אויגנ די לעצטע כפייצימ פונ א מענטשנ. צאַלקע איז געזעסנ א בלייכער, מיט פאַרלאָפּענע ברילנ־גלעזלעכ, געזעסנ אונ געבאָמבלט מיט די פינגער אָנ טיש.

דער אוילעמ האָט געהאַט א ביסל צאַר.

— צאַלעל, עפּשער ווילסטו עפּעס אינ מויל?

— וואָס ביסטו אַזוי צעטראָגנ, צאַלעל?

— צאַלעל, עפּשער ווערסטו זיכ זעצנ שיווע?

דאָס האָט די מומע נעכע א פרעג געטאָנ מיט גרײַלעכער פאָרזיכטיקײַט. די זעלמעניאַנער זײַנענ געזעסנ אָנ לאָשנ, שטיל, ווי גראָז. טרערנ זײַנענ געשטאַנענ אינ די אויגנ.

דעמלט האָט זיכ פּלוצלונג אַרײַנגעריסנ אינ שטוב די צעטומלטע כײַעלע דעמ פעטער יודעס. צו קיינעמ ניט אויסגערעדט א וואָרט, האָט זי א כאַפּ געטאָנ דעמ צעבונדענעמ פּעקל פונ טיש אונ, וואַרפנדיק רוגזעדיקע בליקנ אפ צאַלקענ, אַוועק צומ טיר. באַמ שוועל האָט זי זיכ אויסגעקערעוועט צו די מענטשנ אונ א געשריי געטאָנ:

— וואָס נאָכ?!

עס איז געהען, ווי מע וואַלט ארויסגענומען דעם מעס פון שטוב.

נאָר וואָס איז דער מער? פארשטייט זיך, אז די אָרעמע כּלעלע האָט מער רעכט צו יארשענען דעם טאטנס איידער צאלקע. סאָפ־קאָלסאָפּ איז צאלקע ניט מער, ווי א באָכער.

די מומע נעכע, וואָס היט סע זאָל ניט קומען כאסוועשאָלעם צו לײַטישע געלעכטער, האָט זיך באלד איבערגעבויגן צו צאלקען:

— זע, וואָס האָסטו זיך אזוי צעקאָכט? מע ווייס, אז דער טאטע האָט כּײַקען העלטער געהאט פון אלע קינדער...

— ניין, מע ווייס טאקע ניט! — האָט זיך פּלוצלונג אופגעהויבן דעם פעטער פאָליעס ווײַבל, בלייך אזש פון דער קרימינעלקײַט, וואָס עס איז דאָ אָפּגעטאָן געוואָרן פאר אלעמען אין די אויגן.

צאלקע איז געזעסן א דערשלאָגענער. ער האָט אראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ, און פאָליעס ווײַבל איז שוין געשטאנען אינמיטן שטוב מיט שוים אף די ליפּן און געוויזן אף אים!

— אָט ער איז דער יוירעש!

די מאנצבילן האָבן זיך, פארשטייט זיך, באלד פארשטאָפּט די מײַלער.

די מומע נעכע, פון איר זײַט, איז אויך אנטשוויגן געוואָרן אויס מוירע פאר דער בייזער צונג. די מומע נעכע האָט זיך, נעבעך, ניט גערעכט, אז אף צאלקעס צאד וועט ארויסטרעטן אזא שטארקע קראפט.

קעדיי אָבער בעשומויפן ניט ברענגען צו א קריג אין דער מיש־פּאָכע, איז מען זיך באלד צעגאנגען און באשלאָסן ביכלאָל ניט צו דערמאָנען וועגן דעם פעטער יודעס טויט: ער איז ניט גע־שטאָרבן.

צי קען מען אָבער פארשטיקן א בראָך און צי קען מען פאר־ווערן דעם ווייטעק פון א טאָכטער?

כּײַעלע דעם פעטער יודעס האָט זיך אויבן, אין מויער, גע־שטעלט אָפּטאָן דאָס רעכט צו איר פארשטאָרבענעם טאטן.

אין די שטיבער האָט מען דעמלט אָפּגעשטעלט אַלע ארבעטן, קעדיי ניט צו פארשוועכן די שאָ.

טכילעס האָט זי געכאַלעשט. דער רעבזעהויפּ איז פארגליווערט געוואָרן פון איימע. מענטשן זײַנען געלאָפן מיט קענדלעך וואסער, געטראָגן סלויעס ווארעניע, ביז מע האָט ניט אָנגעזאָגט פון אויבן, אז כּײַעלע איז שוין אביסל געקומען צו זיך.

נאָכדעם האָט זי געוויינט. דאָס איז געווען א געוויין פון א פארלאָזענער יעסוימע, וואָס קען רירן א שטיין.

אונטן, אין די שטיבער, איז מען געזעסן מיט טרערן אין די אויגן, און קימאט אַלע האָבן שפּעטער מיטגעוויינט, ווען כּײַעלע האָט סאָפּקאָלסאָפּ א פרעג געטאָן פון פארצווייפלונג:

— טאטע, אפ וועמען האָסטו מיך איבערגעלאָזן?!

נאָכדעם האָט זי געקרעכצעט.

שווײַגנדיקערהייט האָבן זיך די ווײַבער גוט צוגעהערט צו דעם בעהאדראָגעדיקן גאנג פון איר באקלאָגן א טאטן. אַלץ איז גע־גאנגען קעשורע. און אז די קרעכצן האָבן זיך גענומען שיטן פונאויבן, ווי שטיקער ווייטעקדיקע ציגל פון איר נעשאָמע, האָבן זיי מיט גרויס מעווינעס צוגעשאָקלט מיט די קעפּ און שוין צו־געגעבן אין היספּײַלעס:

— שיינ פון איר זײַט, זייער שיין!

נאָכדעם האָט שוין כּײַעלע געשוויגן פון ווייטעק. ס'איז איר אביסל לײַכטער געוואָרן. זי האָט זיך פּאוואָליע אופגעהויבן פון בעט, בלויז געשאָקלט מיטן קאָפּ און געגעבן דעם יינגל אָנטאָן דעם טאטנס שטיוול. און אז בערעס יונג, דער ווינטערדיקער שטערנזעער, האָט ארויסגעשלאָנדערט אין הויפּ אינעם פעטער

יודעס יוכטאָווע שטיוול ביז איבערן בויך, האָט כײַעלע, אויבן דורכן פענצטער, געקוקט אַף די שטיוול און שטיל געוויינט.

די דאָזיקע טרערן האָט שוין קיינער ניט געהערט. זי האָט געוויינט וועגן דעם, וואָס אַ פּאָר שטיוול לעבן איבער אַ מענטשן און וואָס דער טאַטע איז סאָפּקאָלסאָפּ געשטאָרבן עלנט, ווי אַ שטיין.

און דערנאָך האָבן די זעלמעניאַנער דערהערט כײַעלעס געווייִנלעכן קאָל איבערן הויף:

— גערשקע, טו אַ קוק באַ דער מומען, וואָס איז מיט דער קאַץ!

זעמלט איז טאָנקע אַראָפּ פון דער קושעטקע. די דאָזיקע מויד האָט טאַקע פײַנט געהאַט דעם רעבזעהויף און די זייטן פונעם רעבזעהויף. זי האָט געעפנט די פאַרטקע צום זוניקן דרויסן.

— צוליב וואָס, —טראַכט זי, —בין איך איבער טויזנטער מײַלן געפלויגן אַהער?

— אַ נאַרישקײַט!

זי האָט צוגערופן פאַלקען:

— גיי טוט אַ קוק, ווער איז דאָ באַ אײַך אין שטוב?

— קיינער ניטאָ.

— און דער אוקראַינער ייִד?

— אויך ניט.

— ווער איז דער ייִד, —פרעגט זי, —אַ ברוקירער צי אַ שנײַדער?

זיי זײַנען אַוועק זען, וואָס איז מיט דעם אוקראַינער ייִדן.

---

דער הויף האָט אָוולדיק געשמאַכט. אַ לינדער פרילינגדיקער טאָג. אין רעבזעהויף האָט פונדעסטוועגן אויך געשמעקט מיט דעם פראָסטן רייעך פון ראָמאַשקעס, מיט עפּל־צוויט פון געוועזענעם

רעב יאנקעוו־בויעזעס סאָד, וואָס ערגעץ איבער די פּלענקענער.

קליינע רעב זעלמעלעך, אין איינע העמדלעך, האָבן זיך ארומ־געוואלגערט אין די רינעס און געגריזשעט שטיקלעך וואַפּנע פונעם אָפּגעקרישלטן מויער.

איבער דערברייט פונעם זוניקן הויף זיינען אָפּגעסאַלן פון די שטיבער צוויי שאָטנדיקע דרייעקן.

— הער, טאָנקע, ס'איז טאקע עמעס, אז דו האָסט געלייענט העגעלן?

זי האָט ניט געענטפערט.

בא דעם פעטער איטשען אין שטוב איז נאָך זאָלקע, ווינטערדיק גרוי. עס איז דאָ נאָך עפּעס פארגליווערט געוואָרן פונעם אמאָ־ליקן לעבן.

שטריקלעך זיינען איבערגעצויגן איבערן שטוב און אף זיי הענגט גאַרניטט. פון דער וואנט, איבערן קאָמאָד, קוקן נאָך אראָפּ א פּאָר וולוטשקענע טונקל־רויטע הירשן, אויסגענייט אף א מיזרעך — א זייכער אָן דער מומע מאלקעלעס שיינער יוגנט.

אין דער ברוקירער האָט דאָ אויך איבערגעלאָזן זיינעם אן אייגענעם רייעך פון א דאָרפישער קלוניע.

— עפן דעם קופערט, — זאָגט זי.

— איי, לאָז צורו!

— פארוואָס עפּעס לאָזן צורו?

טאָנקע האָט אף אים מאָדנע א קוק געטאָן. זיי האָבן פאריגלט די טיר.

נאָכדעם האָט פאלקע א היפּשע פּאָר שאָ ארומגעפּאדיעט ארום קאסטן. דאָס איז געווען ניט אנדערש, ווי א קופערט פון שטיינער. ער האָט געווישט פון זיך דעם שווייס, געשפּיגן אין די הענט און מיט דעם פעטער איטשעס טעמפּער האק געוואָרפן זיך ארום דעם איינגבאשלאָגענעם קאסטן פון אלע זייטן.

ס'איז געווען ניט אנדערש, ווי א קופערט פון שטאָל!

דעמלט איז ער אינקאַעס געוואָרן, גענומען גלאט שלײַדערן מיט דער האק איבערן קופערט און שפּאַלטן אים, ווי פּראָסטע האָלץ צום הייצן.

— ברעכ ניט, דו!

פאלקע האָט א געשריי געטאָן פון אימפּעט:

— טרעט אָפּ!

ער האָט ארויסגעזועצט א ווענטל.

אדורכ דער אופגעבראָכענער זײַט האָט ארויסגעשפּארט די אינגעווייט פון קופערט. א בלאנקע א הארטע זאַב. פּאלקע האָט עס ארויסגעגראבלט—דאָס איז געווען א צוקער־פּושקע פון שווערן זילבער. דער יונג האָט עס ארומגעקוקט פון אויבן און פון אונטן, און, ניט ווייסנדיק געגוי, וואָס איז עס אזוינס, האָט ער אופגעהויבן דעם קאָפּ צו טאָנקען.

— א ספּעקוליאנט מיסטאָמע, הא?

פאלקע איז געלעגן אַפ דער ערד, געהאלטן די האנט אין דער עפענונג פון קופערט און געשלעפּט פון אינעווייניק עפּעס א מאָדנעם אלט־פרענקישן פּארמעגן. פונעם שווארצן קאסטן האָט געטראָגן א טוכלער רייעכ ווי פון א דאָרפישער קלוניע.

טאָנקע האָט זיכ איבערגעבויגן.

דעמלט האָט פאלקע ארויסגעוויקלט א מעשענעם בײַכלדיקן קריגל מיט א הענטל און מיט א שמאָל העלדזל, דאכט זיכ—גאָר א קריגל פון א קלויסטער.

אפן דיל זײַנען שוין געלעגן אָנגעוואָרפן, ווי אין א געשעפט פון אנטיקן: א צוקער־פּושקע, א זײַדענער טאלעס, צוויי געעפנטע סאמעטענע קעסטעלעכ; אינאיינעם—א בראָנזעלעט, אינעם צווייטן—גילדערנע רינגעלעכ, א זייגער אין א לײַוונטענעם זעקעלע, א כאלעפּ אין א שייד, זילבערנע לעפל, א פּאָדקעווע, א רעוויִעס־

בעכער, א ווײַבערשער קאָרבנמינכע אין ברוינעם לעדער מיט א מעשענעם פארהאקער.

— א באלעגופ, געכאפט א באלעגופ! — האָט פאלקע געמורמלט צו זיך.

דעמלט האָט ער פונעם קופערט ארויסגעגראָבן א שווערן, גרינלעך־צוגעשימלטן שוך, איבערגעבונדן מיט א שטריקל. דאָס איז געווען שווער, ווי בלײַ. דער אלטער שוך האָט א וואקל געטאָן בא אים אין די הענט, אראָפּגעפאלן, און אין אלע זײַטן זײַנען זיך צעפלויגן מיט א וויסטער קלינגערײַ צארישע געלע אימפעריאלן.

פאלקע איז מיטן בליק שוין געשטאנען אפ די פיס. ער איז געווען בלייך. עפעס האָט ער געהאט א פאָרשטעלונג, אז אָט דאָס איז ערשט דער אומגליק.

— גאָלד?! אָט, ווי טיף עס קען פאלן א מענטש!

ביידע זעלמעלעך האָבן אָפּגעגעבן דעם לימעד וועגן „געלט" (פאלקע — אפ ניט באפרידיקט), געלערנט די טעאָריעס וועגן געלט, אָנהייבנדיק פון אדאם סמיטן ביז צו דער נײַער געלט־סיסטעם פון ראטנפארבאנד, און, דאכט זיך, אז ערשט איצט אינעם ברוקירעוס שוך האָבן זיי עס פלוצלונג דערזען מיט די אויגן, עפשער צום ערשטן מאָל.

ביידע האָבן געהאט אן אומקלאָרע שרעק פאר גאָלד, ווי א מין עקל צו א ווײַטער מיִעס־לעבעדיקער זאך, וואָס קריכט, רירט זיך און שלאָגט אלס דער דויפעק פון קאפיטאליזם.

— שאר צונויפ! — האָט מאָנקע געזאָגט קלוימערשט קאלטבלוטיק.

— שאר, אז דו ווילסט!

זי האָט אופגעהויבן א שווערע, גאָלדענע מאטבייע, געהאט דערבײַ דעם געפיל, ווי איינער וואָס קריכט ארײַן צום ערשטן מאָל אין וואסער. זי האָט באטראכט דעם צעפאלאָשעטן צוויי־

קעפּיקן אָדלער, דאָס געלע קיניגלעכע פּאָנעם. פּאַלקע איז אויך צוגעגאַנגען. עס איז געווען אַ מאָדנער געפּיל, ווי איינער, וואָס קריכט אַרײַן צום ערשטן מאָל אין וואַסער. באַלד האָט זי עס אָוועקגעוואָרפן.

אין הויף האָט זיך באַוויזן דער ברוקירער.

שפּעטער האָט מען דערציילט, אַז די מומע נעכע, וואָס זעט אומעטום אינעם רעבזעהויף, ווי אין אַ דורכזיכטיקן טײַך, איז געלאָפן אויסזוכן דעם ייִדן; זי, זאָגט מען, האָט דעם ייִדן געהאָרנט, אַז אין הויף באַראַבעוועט מען אים.

דער ברוקירער איז דעמלט ניט געלאָפן, ער איז געשפּרונגען אַף זײַנע קורצע פיס ניט ווי קיין מענטש.

טכילעס האָט ער גענומען רײַסן די טיר, און אַז זי איז געווען פאַרהאַקט, איז ער אַרויסגעלאָפן צו די פענצטער, אַ קלעפּ געטאָן זיך צו אַ שויב און צוריק אָפּגעשפּרונגען:

— ייִדן, מע קוילעט מיך!

דער ווײַ־געשריי איז אויך געווען אַ מאָדנע שטומער.

שרײַען האָט דער ייִד מוירע געהאַט, שווײַגן—מוירע געהאַט, האָט ער געהײַלט קוים צו הערן, געיענטשעט פון האַלדז און אַרומגעשפּרונגען ניט ווי קיין מענטש. דאָ איז ער געווען אין פירהויז, מיט דעם אויג אין לעכל פון טיר, דאָ—מיט דעם שכייר־נערנעם פּאָנעם אין די פענצטער, ווי אַ געהעצטע כײַע, כאָטש ס'איז פאַר אים פרײַ געווען דער זוניקער געראַמער רעבזעהויף.

— ייִדן, מען טוט מיך אויס גאַקעטו!

און דעמלט האָט אים טאָנקע געעפנט די טיר.

ער האָט זיך אַרײַנגעריסן מיט די עלנבויגנס, ווי דער דורכגאַנג וואָלט שוין אים געווען צו שמאָל, און אַ כאַפּ געטאָן באַלד די האַק. דער נאָז און אַ שטיקל באַק—באַפּלעקט פון אַ

פֿאַרבלאָנדזשעטער ביסל זונען־שײַן, די אויגן זײַנע אַרומגעשווּמען איבער די כּפֿייצים.

— לייג אַוועק! — האָט ער געשריִען צו עמעצן, זיכער, נעבעך, אַז זיי זײַנען אין די קעשענעס אָנגעשטאָפּט מיט זײַן גאָלד.

פֿאַלקע איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אָן טיש. די קני האָבן געציטערט. און געקוקט האָט ער אַף טאָנקען, וואָס רעכנט זי, אייגנטלעך, צו טאָן מיט דעם באַלעגוף.

— לייג אַוועק, זלאָדזשעו!

— און אַז ניט?!

דער העלדישער פֿאַלקע האָט זיך אויסגעצויגן, גרייט אויפֿצונעמען די שלאַכט.

דעמאָלט האָט דער ייִד אַראָפּגעלאָזן די טעמפּע האַק איבערן טיש.

דעם פּעטער איטשעס שטוב האָט אַ שווינדל געטאָן מיט די צוויי קליינע פֿענצטערלעך, מיט דער מומע מאַלקעלעס וואַטש־קענע הירשן און איז אַוועקגעפֿלויגן קאָפּ אַראָפּ.

פֿאַלקע האָט זיך אַרויסגעריסן מיט אַ געשריי צום טיר, געטראָגן פֿאַר זיך אַ פֿאַרבלוטיקטע האַנט. ער איז געלאָפֿן אַראָפּ הויף, צום גאַס, צו דער שטאָט.

א באַלעגוף, — האָט ער געשריִען, — אַן אַנטבאַלעגופֿעוועטער באַלעגוף!

די ברעט פֿון טיש איז געווען אַביסל פֿאַרשפּריצט מיט בלוט.

דעמאָלט איז דער מאָרעשכוירעדיקער ייִד אַרויפֿגעפֿאַלן אַפֿן קערפּערס, געשאַרט אַרום זיך די אימפּעריִאַלן, די אַלט־פֿרענקישע שמאָכטעס און געכליפּעט אָן אַ קאָל:

— מײַן בלוט, מײַן האָרעוואַניע!!

*

— אינאָוונט. דער ייִד איז געזעסנ אליינ אינעמ טונקעלנ שטיבל. די זונ איז אונטערגעגאנגענ ווײַס, אָנ שומ קאָליר, אונ געוואָרפנ א מאטע, נישטיקע שײַנ אינ די שווארצע שײַבלעכ.

קיינער פונ די מאנצביל איז ניט געווענ אינעמ רעבזעהויפ, ניט רעכענענדיק דעמ אלטנ פעטער איטשע.

דער פעטער איטשע איז שוינ קענטיק א קאפ אויווערבאָטל. דערהערנדיק באלד, באמ ארײַנגיינ אינ הויפ, וועגנ דער זאכ, האָט ער זיכ איבערגעשראָקנ אונ קוימ באוויזנ ארײַנצוכאפנ זיכ בא דער מומע גיטענ אינ שטוב. די טיר האָט ער פארהאקט פונ אינעווייניק אפנ פארוקער, געפאלנ אפ א שטול אונ א גאנצנ אָוונט געציטערט איבער זיכ, ווי א בלאט.

די מומע מאלקעלע, פארשטייט זיכ, אז זי איז פאר דעמ טאָג גרוי געוואָרנ.

בלויז דעמ פעטער פאָליעס שווארצ ווײַבל נעמט ניט די קא־פאָרע. זי איז אראָפ מיט איר שיסעלע געקעכצ פונ שטוב אונ געשטעלט זיכ עסנ אינ הויפ באמ שוועל פונ מויער. עס איז איר אומעטיק צו עסנ אינ שטוב. זי איז אפילע נאָכדעמ צו־געגאנגענ צומ פעטער איטשעס שטיבל אונ ארײַנגעקוקט אינ פענצטער:

דער מאָרעשכוירעדיקער ייִד איז געזעסנ אפ זײַנ שווארצנ קופערט.

---

## 20

# בערע אונ פעטער פּאָליע שלאָגנ זיכ פאר דעמ נײַעמ מענטשנ

סע האנדלט זיכ וועגנ פארשיידענע ארטנ פונ קענענ ריידנ.

פּאָליע קענ ריידנ, ווי ער האָט זיכ אמאָל אליינ מוידע געווענ, נאָר ער האָט ניט וואָס. פאלקע האָט וואָס, נאָר ער קענ ניט ריידנ. פּאראנ אזא, וואָס איז זיכער, אז ער רעדט אסאכ אונ צומ סאָפּ לאָזט זיכ אויס, שוינ היפּשע עטלעכע וואָכנ, ווי ער האָט צו דער ווײַב קיינ וואָרט ניט ארויסגערעדט.

דאָס איז א געפערלעכער שווײַגער—שווײַגעניק ווולגאריס. פונ אזוינע אנטלויפנ די ווײַבער.

צי וועט פּאָרשניעוו ארויסשלאָגנ פונ בערענ די דאָזיקע שטומ־קײַט?—אָט דאָס איז די פראגע.

פּאָרשניעוו האָט אימ אָפּגעלאָזנ אפ דער פאבריק מיט דעמ גע־דאנק, אז אפ דער פּראָדוקציע, אקסל אינ אקסל מיט זײַנע אמאָ־ליקע גארבער, וועט ער סאָפּקאָלסאָפּ מוזנ וואקסנ אינאיינעמ מיט זיי, אינאיינעמ מיטנ זאוואָד.

בערע האָט עס אַליינ אויכ אביסל געפּילט. אונ דאפּקע דורכ פּאָליען, וואָס די מעכאניזאציע פונ זאוואָד האָט נאָכ גרויסע מאטערנישנ אויכ אפּ אימ — אפּ דעמ פּעטער פּאָליענ — געווירקט אינ א מאָדנער ריכטונג, אונ ער האָט אנומלטנ גענומענ וואשנ די ציינער מיט פּראָשיק.

אונ פּאָליע — דארפּ מענ וויסנ — האָט גאנצ באדײַטנדיקע פּארדינסטנ אינ קאמפּ קעגנ מעכאניזאציע.

אפּנ זאוואָד קומט אויס צו האלטנ אימ אינ די הענט נאָכ ביזנ הײַנטיקנ טאָג. אונ כאָטש עס טרעפט, אז אנ אנדער אופּטו פונ אנ אינזשענער נעמט יאָ בא אימ אויס, נאָכ פריער ווי בא אנדערע, טוט זיכ אָבער דעמלט דער מעגושעמ א כאפּ צומ צאָפּ אונ טוט אָנ צוליב דעמ גראָבנ קאָפּ צאָרעס אזוינע, וואָס מע מוז אימ שוינ ווידער געבנ איבער די הענט.

דער פּעטער פּאָליע איז זיכ אויכ א גאנצ פײַנע פּיירע!

ס'איז זיכער א פּעלער, וואָס בערענ קומט אויס צו ארבעטנ מיט אימ אינ איינ צעכ. ביידע זײַנענ אָבער גארבער פונ דער אלטער שול, געוועזענע באָמשטשיקעס, מוז מענ זיי האלטנ אינ דער נאסער אָפּטיילונג.

אגעוו, פּאָליע וויל פונ דער זאָלניע ניט ארויס. ער שטייט א האלב־נאקעטער מיט דער קאָסע איבערנ קלעצל, שאָבט די גליטשיקע פּעלנ אונ ס'רינט פונ אימ אונ פונ די פּעלנ א טשיקאוו גרינלעכ וואסערל מיט דעמ גערוכ פונ גוט אײַנגעזײַערטע געפּייגערטע פּערד.

שלאָגט ניט ארומ אימ אָט דער רייעכ, קענ ער ניט ארבעטנ, דעמלט דרעמלט ער.

היפּשע עטלעכע יאָר איז דער פּעטער פּאָליע געווענ נאָר א מענטש אינ זאָלניע, אריבערגעטראָגנ אפּ זיכ די נאסע פּעל אפּנ צווייטנ גאָרנ. די דירעקציע האָט אָבער אָנגעהויבנ די מעכאני־

זאציע פונ זאוואָד דאפקע פונ אים אונ באשלאָסנ אוועקשטעלנ א הייב־מאשינ אָנשטאָט פאָליענ.

דעמלט איז דער פעטער געוואָרנ מאָלע רעציכע, גענומענ א גוטנ טרונק בראנפנ אונ אוועק אינ טרעסט:

— מע דארפ ניט קיינ הייב־מאשינ!

— פארוואָס?

— ווייל איכ אליינ בינ א הייב־מאשינ!

ער האָט אָנגעוויזנ מיטנ פויסט אפ זיכ.

אינ טרעסט האָט מענ באטראכט די הייב־מאשינ אונ ניט איינ־געזענ קיינ נייטיקייט אָפצורופנ דעמ באשלוס פונ דער דירעקציע.

איינער מיט בלאָנדע, דיקע וואָנצנ האָט אימ דאָרטנ געקלאפט אינ פלייצע אונ דערקלערט, אז די גאנצע רעוואָליוציע איז אָנ־געהויבנ געוואָרנ נאָר קעדיי צו מאכנ פונ פאָליענ אויס הייב־מאשינ.

דער פעטער פאָליע האָט עס געהאלטנ פאר איבערגעטריבנ, געגלייבט, פארקערט, ער גייט אונטער, אונ פונ פארצווייפלונג האָט ער געמאָלדנ דעמ פאבקאָמ:

— פונ זאָלניע, זאָל מענ וויסנ, גיי איכ סיי־ווי־סיי ניט ארויס.

דעמלט האָט מענ אימ אוועקגעשטעלט פאר א שאָבער.

באלד ווי ער האָט פונ שאָבנ גענומענ פארדינענ נאָכ מער ווי פונ טראָגנ, האָט ער זיכ בארויקט, כאָטש אויכ ניט אפ לאנג, קיימ ביז דער געשיכטע פונ די סמארגאָנער גארבער אפנ זאוואָד.

די סמארגאָנער גארבער זיינענ באקאנט, ווי גרויסע פילאָזאָפנ אפ דער גאנצער וועלט. דעמלט האָבנ זיי געפרוווט קעגנ דעמ מענטשלעכנ סייכל אָפלייקענענ א פעל בא כאזיירימ.

די דאָזיקע געשיכטע איז פאָרגעקומענ שפעטער, ווענ דער זאוואָד איז איבערגעגאנגענ אפ אויסארבעטנ כאזער־פעל.

נאָר וואָס איז דעמלט, אייגנטלעכ, געשענ?

אַלטע גאַרבער פֿון סמאַרגאָן זײַנען דעמלט אַרויס מיט טײַ־
נעס קעגן דער דירעקציע, אַז מע וויל זיי דעקוואַליפֿיצירן; זיי,
גרויסע אַרבעטער, כּפֿעצן פֿון פֿערד און רינדער, ווילן ניט ווערן
אָפּ דער עלטער קיין כאַזערהאָרניקעס.

אויף דער פֿאַרזאַמלונג, וואָס איז אײַנאָוונט צונויפֿגערופֿן געוואָרן
ספּעציעל צו באַהאַנדלען די פֿראַגע, האָבן די סמאַרגאָנער גאַר־
בער זיך מאָרנע געקאָכט, געהייבן די הינטלען אויפֿן שטערן, און
דערוויזן, אַז אַ כאַזער האָט ניט קיין פֿעל.

— כאַזער,—האָט דערקלערט דער סאַמע גלאַוונער סמאַרגאָנער,
דאָס איז אונטן פֿלייש, אינמיטן סאַלע, און אויבן שטשעטינע.

— הײַנט ווו איז די פֿעל?—האָט זיך געוווּנדערט דער אינ־
זשענער.

— איז דאָס פֿרעגן מיר דאָך, כאַווער אינזשענער, ווו איז
די פֿעל?

— וואַרט, אַרבעטאָרער, מע וועט אײַך נאָך געבן אויסאַרבעטן
וואַראָנעס אויך!

— און ווײַסע הענער אויך!

דאָס האָט געזאָגט כעמע, אַן אַלטער פֿרומער גאַרבער מיט
שפּאַקולן אויף דער נאָז.

פּעטער פּאָליע איז באַלד צוגעשטאַנען צו די סמאַרגאָנער פֿי־
ליזאָפֿן. דאָרטן אין ווינקל, זיצנדיק מיט זײַן אייביקן כאַווער
טראָכים פֿון נאָווינקי, האָט ער טיף אויסגעלאַכט דעם דרײַלינג
פֿון זאַוואָד און די יונגע „כוטשקעס", דעם קאָמסאָמאָל, וואָס
גיב אים אפֿילע וואַראָנעס וועט ער עס אויך גאַרבן. דערנאָך
האָט ער פֿאַרענדיקט קימאַט ווי מיט אַ קרעכץ:

— כאַזער, זעסטו, איז דאָפּקע גוט צו אַ טרונק בראַנפֿן!—און
קוים וואָס ער האָט באַוויזן אָפּצווישן מיטן אַרבל דעם וואָנץ.

אויף מאָרגן נאָכן דרי־טאָג האָט מען צו דער זאָלניע צוגעפֿירט

געפּאַקטע וואַגאָנעטקעס מיט די אָפּגעלייקנטע, אויסגעטראַכטע כאַזער־פעל.

די סמאַרגאָנער האָבן זיך אָנגעלייגט אַפּ די קאָסטעס און גע־מאַכט זיך טאַמעוואַטע. אַ יונגער „כוטשקע" האָט אָבער געגומען מיטן עלנבויגן רײַבן די אויגן, צי דאָס איז ניט קיין כאָלעם און אַ פרעג געטאָן אַפּ דער גאַנצער זאַלניע:

— סמאַרגאָנער, דאַכט זיך, אַז מען האָט געבראַכט פעל פון כאַזיירים?!

זיי האָבן זיך טיפער איבערגעבויגן איבער די קלעצלעך. בלויז דער אויסגעהאַלטענער פעטער פאָליע, וואָס אים וועסטו ניט אָפּשרעקן מיט אַזוינע מײַסעס, האָט פון אַריבער זײַן קלעצל געענטפערט שוין פאַר אַלעמען:

— דאָס איז ד... און ניט קיין פעל!

די פאַרטיע פעל איז אַוועק אין דער אַרבעט און פערצן טעג האָט זי געוואַנדערט איבער די צעכן. בּאַ אַ שטיל־שווײַגן איז זי פון זאַלניע אַוועק אין די טרוקענע אָפּטיילונגען.

דערנאָך זײַנען, אין אַ נאָך מיטאָק, אַרײַן אין דער זאַלניע אין דער פאַרטקאָם, אין אַלע דרײַ אינזשענערן און איבערגעגעבן די סמאַרגאָנער אַ שיינע שוואַרצע פעל, געשטעמפּלט אין אַן איידעלער קראָקאָדילן־צייכענונג.

די שווײַגנדיקע סמאַרגאָנער האָבן, נעבעך, געטאַפּט די ווייכע פעל און געקוועטשט מיט די פּלייצעס. בלויז פאָליע איז גע־שטאַנען, ווי אַ טשוואָק, בּאַ זײַן קלעצל און איז ניט צוגעגאַנגען. ער האָט געטײַנעט, אַז ער האָט קיין צײַט ניט.

*

אין יענע טעג איז בערע צוריק געקומען אַפּן זאַוואָד. ער איז געקומען מיט אַ גרויסן געדאַנק אין קאָפּ אָנצוזאָגן עפּעס, וואָס ער האָט דאָ אַמאָל דורכגעלאָזן.

דער זאוואָד האָט אימ באלד ארומגענומענ מיט קרעפטיקע שארפע גערוכנ, ווי מיט דערינערונגענ פונ זײַנ יוגנט, מיט א גרינלעכער קילער שײַנ פונ דער זאָלניע אונ מיט טויזנטער מוטנע, ריזלענדיקע וואסערלעכ אינ די צאָפּעס, אפ די ווענט אונ אינ די רינערלעכ אינעמ שטיינערנעמ דיל.

ער האָט זיכ געשטעלט טאָג אינ דער זאָלניע פאר א רײַטער פונ כאזערהאָר.

פונדערווײַטנס האָט פעטער פאָליע געוואָרפנ אפ אימ פאָרזיכ־טיקע בליקנ, פול מיט כשאד אונ כיטרע מיינענ. דער פעטער האָט— ווער ווייס צוליב וואָס פארא גרונט—געקוקט אפ בערענ, ווי אפ א גרויסנ שמינטעלעגנט, וואָס קומט זיכ דאָ ארײַנמאכנ אינ זאוואָד.

— זנײַעמ!—אָט דאָס האָט ער געזאָגט צו טראָכימ פונ נאָווינקי.

אינ יענעמ טאָג האָט ער צו בערענ קיינ וואָרט ניט ארויס־גערעדט. אגעוו, האָט דער פעטער פאָליע נאָכ דעמ באוווסטנ פראנצויזישנ קאמפ אינ שפּײַלער־קלוב ביכלאל אויסגעמיטנ די זעלמעניאנער, טאָמער וועט מענ אימ ניט אמאָל פאָרווארפנ זײַנע אויסגעלאסענע גענג.

*

קלאָר, אז בערע איז געקומענ אפנ זאוואָד מיט א הויכנ מיינ. ער האָט אינ פארט־ביוראָ געמאָלדנ, אז ער וויל א גרויסע גע־זעלשאפטלעכע אָנלאָדונג. ער איז אוועק אונ האָט זיכ פארשריבנ אינ טעכ־קרײַז.

אינ א פאָר טעג ארומ, אפ א פארזאמלונג פונ זאוואָד, איז ער טיפ אָנגעכמורעט געזעסנ אונ זיכ שוינ געשלאָגנ מיט דער דייע...

— נעמענ א וואָרט צי ניט?

בערע איז דאָס מאָל געווענ זיכער, אז ער האָט וואָס צו זאָגנ,

ווייל די פראגע, דאכט זיך, האָט מער געהאַט א שייכות צו דער מיליציע ווי צום זאַוואָד.

אפ דער טאָג־אָרדענונג איז געשטאַנען די פראגע וועגן איינעם א פּלעשעלע.

דער זאַוואָד אַרבעט אויס קליי פון די אָפּפאַלן. אין לעצטן מאָמענט מוז קומען צו גיין א געוויסער קרעמערישער מענטש, שימשע, מיט א סוידעספּול פּלעשעלע און אריינקראַפּלען עפּעס אין קאָכיקן קעסל.

דעמלט ווערט פון אָפּפאַל קליי.

שימשע לעבט פון זיין פּלעשעלע שוין היפּשע עטלעכע יאָר, ווייל ער ניט ארויסגעבן דעם סאָד פון זיין לעבן, אפילו דער אייגענער ווייב ניט.

פרעגט זיך, וואָס־זשע טוט מען צו דעם פּלעשעלע?

די אינזשענערן טרעטן ארויס מיט זייערע רעדעס. די אינזשענערן באַווייזן, אז מע קאָן ארויסבאַקומען קליי אָן שימשעס פּלעשעלע. די ארבעטער, וואָס שטייען באַם קעסל, טענהן אָבער, אז אָן דעם פּלעשעלע איז ניטאָ וואָס צו ריידן.

— וואָרום ס'איז דאָך א נאָנסענס, פונוואַנען זאָל ווערן דער קליי, פון קאָכן?

בערע וויל א וואָרט.

בערע האָט א פאָרשלאָג, אז מע זאָל צונעמען באַם פרעמדן עלעמענט דאָס פּלעשעלע און זען וואָס דאָרטן טוט זיך. די שוויי־געניש אָבער, ווי באַוווסט, דריקט אין אים, ווי א שטיין, ניט ארויסצוריידן א וואָרט.

ענדלעך טוט ער זיך א הייב און גייט צו דער בינע.

אין דער ערשטער ריי זיצט פאָליע. ער—מיט די ארויסטאַר־טשנדיקע ביינער, מיט די פאָרשקענדיקע וואָנצן, מיט די אָפּשטייענ־דיקע אויערן—א גאַנצע קופּע פון הויט און ביינער, זיצט ברייט־

לעכ אונ לאכט אויס די אינזשענערנ, וואָס ווילנ דורכ פארשיי־דענע שפּרוכנ פונ די ביכלעכ ארויסבאקומענ קליי, אָנ שימשעס פלעשעלע.

— אָט דאָס, — זאָגט ער, — וועלנ זיי באקומענ!

ער ווײַזט טראכימענ פונ נאָווינקי עטלעכע צונויפגעפלאָכטענע פינגער בא זיכ אונטערנ רעקל.

בערע שטייט אפ דער בינע. אימ דוכט זיכ, אינ דער ער־שטער רעגע, אז ער רעדט, נאָר דער פאָרזיצער דעקט צו דאָס גלעקל מיטנ האנט, קוקט אפ אימ אונ ווארט. בערע פארשטייט, טוט ער א טראָט פאָרויס אונ הייבט אָנ פאָרזיכטיק:

— כאווײרימ, וועלכע זײַנענ געקומענ אפ דער פארזאמלונג, ווו די באָלשעוויסטישע פארטײ האָט ארויסגעשטעלט אפ צו באטראכטנ וויאזוי אויסצובויענ דעמ סאָציאליזמ פונ אלע ארבע־טער. אינ הינזיכט פונ די קאפּיטאליסטישע לענדער זײַנענ דאָ זעכציק מיליאָנ ארבעטלאָזע. דאָס איז א רעזולטאט. זיי גייענ ארומ אָנ ארבעט אונ זיי זוכנ אינ די מיסטקאסטנס, כאָטש אלע ווייסנ, דאָס זיי גיבנ אָפ זייער האָרעוואניע דער בורזשואזיע אינ הינזיכט ניט נאָר פונ שווערער אינדוסטריע פונ די פאבריקאנטנ, נאָר אויכ אינ די בלוטיקע אינטערעסנ פונ די בענק אונ פונ די אק־ציעס...

דער פעטער פאָליע האָט געשוויגנ פונ פארוווּנדערונג: בערע זאָל אזוינס קענענ. ער האָט זיכ ארומגעקוקט מיט טיפנ נײַגער אפ די מענטשנ אינ קלוב, אפ די פענעמער פונ פרעזידיומ, האָט אָבער ניט געזענ, די רערע בערעס זאָל מאכנ אפ זיי א באזונדערנ אײַנדרוק. דעמלט האָט ער באשלאָסנ, אז ס'איז גאָלע גאָרנישט.

— רייד, בערקע, רייד! ס'בינדט זיכ סײַוויסײַ ניט א וואָרט צו וואָרט!

אָט דאָס האָט ער אויסגעשריִען. אין זאַל, האָט מען דאַכט זיך, געלאַכט.

בערע האָט זיך אַביסל פאַרלאָרן, באַלד אָבער אויסגעקירעוועט זיך און אָנגעוויזן אַף פּאָליען:

— אָט זיצט ער, אַן אַלטער אַרבעטער, פּאָליע כוואָסט. אָפּגעשטאַנען, כאַווייריִם, ווי אַ נאַרעוויסטער פערד. דערצו איז ער נאָך מײַנער אַ פעטער, כאַווייריִם, איך זאָג צו אים: פּאָלקע, נעם אַ ביכל אין האַנט, וואָרום דו דאַרפסט זיך לערנען, וויל ער ניט, גייט בעסער אַז פראַנצוסקע באָרבאַ. און אַ צײַטונג לייענט ער ניט און זיצט נאָר אַפן גאַניק און קוקט — וועלכע ווײַבל ווערט טראָגעדיק און וועלכע ניט. דאָס איז אויך אַ פרעמדער עלעמענט, כאַווייריִם, וועמען דו דאַרפסט צושטעלן פון אַלעם פאַרטיקן און ער טוט ניט אַ קלאַפּ אַ פינגער אָן אַ פינגער.

— איך אַרבעט לענגער פאַר דיר, בולעכו! — האָט פּאָליע גענומען פאַרשקען מיט די וואָנצן.

בערע האָט זיך צעקאָכט און אַראָפּגענומען פאַר אים דאָס היטל:

— זדראַסטווויטע! אַדאַנק דיר אין שטערן. אָבער בראַק מאַכסטו, אַ בייזער יאָר אַף דיר!

דער פּאָרזיצער האָט געקלונגען. די אַלטע אַרבעטער האָבן געלאַכט פון די זעלמעניאַנער, געווישט די טרערן פון די אויגן.

בערע איז אָבער געווען צופרידן, ער איז אַראָפּ און אונטן אַפן לעצטן טרעפּל פון בינע, האָט ער זיך ערשט דערמאָנט, אַז ער האָט, אייגנטלעך, ניט גערעדט וועגן דעם פלעשעלע.

ווי יעדער רעדנער האָט ער זיך גאָרניט געמאַכט דערפון, אַ וויש געטאָן מיטן אַרבל דעם שוויים פון פּאָנעם און זיך צוגעזעצט אָפּרוען.

שפּעטער האָט ער א פרעג געטאָן בא איינעם פון די קליי־
קאָכער:

— און ווען קומט ער צו דער ארבעט, שימשע?

באנאכט, ווייזט זיך ארויס, שפּעט באנאכט.

*

אפ דער צווייטער נאכט האָט בערע געבראכט אין פּארט־ביוראָ
שימשעס פלעשעלע. דאָס איז געווען א קורצ, שיינ פלעשעלע,
מיט א קיילעכדיק בייכל, מיט א גלעזערנ שטאָפּערל. אינעווייניק—
א מוטנע, טונקל רויטע פליסיקייט.

— וואָס ארט אייך, נאט אייך דאָס פלעשעלע!

און מער האָט ער ניט געוואָלט זאָגנ.

די אינזשענערנ האָבנ עס אָפּגעטראָגנ צו זיך אינ לאבאראטאָ־
ריע. א גאנצע נאכט זיינענ די אינזשענערנ געזעסנ איבער דעם
וואונדערלעכנ פלעשעלע, געברענט עס אפנ פייער, געלעקט מיט
דער צונג, געזייט דורכ וואטע, געפּאָרבן, ביז איינער האָט סאָפּ־
קאָלסאָפּ פארשריבנ אינ ביכעלע:



$$Ch_2On + COH + Ch_2On$$

דער צווייטער האָט א גאנצע נאכט געטונקט מיטנ פינגער אינ
דער פליסיקייט, גענומענ עס אפנ טאַם און נאָך א לאנגנ יישעוו־
אדאס אויך ארייַנגעשריבנ:



$$C_2H_{12}O_6$$

דערנאָך האָט דער דריטער אויך עפּעס אויסגעפונענ. ער האָט
פארשריבנ:



$$C_6H_{12}O_6$$

און דאָך איז ערגעץ געווען א טאָעס.

די אינזשענערן האָבן זיך געאמפּערט ביז טאָג און ניט געקענט קומען צו א פאַרשטענדיקונג. אינדערפרי זײַנען זיי ארויס ניט אויסגעשלאָפענע, אויסגעמאטערטע, מיט פארוקטע שניפּסלעך, און צו אלעמענס פארוואונדערונג גענומען פראווען רעכילעס קעגן דעם ייִדן.

דער זאוואָד האָט געקאָכט.

עס לאָזט זיך אויס, אין פּלעשעלע איז געווען אביסל קאלע־בורע פון פּאטעקע, גליצערין און ווישניק.

אזוי ארום, האָט זיך א ייִד אלע זומער געשטעלט א פלעשל ווישניק און געהאט פון אים א גאנצ יאָר פּארנאָסע בערעווען. נאָר אזוי ווי מען לאָזט ניט לעבן, וועט ער, נעבעך, איצטער מוזן אויקער זײַן פון דער שטאָט און וועט איבערלאָזן א גרויסן פארמעגן אַם העפקער.

---

# 21

# גענוג פייגל-געזאנג
# פאר א דורכשניטלעכנ זעלמעניאנער...

די בלוט אפנ פעטער איטשעס טיש האָט מענ אָפּגעסקראָבעט מיט א מעסער, ס'איז בלויז איבערגעבליבנ אינ ברעט א טעמפּער שפור פונ דער האק.

דער ברוקירער איז שוינ ניטאָ.

אינ הויפ דערציילט מענ, אז בייס מײַסע האָט דער ייד גע־קוועטשט מיט די פּלייצעס: ער ווייס ניט, הייסט עס, פונ וואָס צו זאָגנ. פּאלקענ האָט ער קלוימערשט אינ די אויגנ ניט אָנגעזענ. מעגלעכ אָבער, אז די מײַסע איז בלויז אנ אויסטראכטעניש פונ׳ נעמ פעטער פּאָליעס ווײַבל.

צוליב וואָס דארפ זי עס סאָמקאָלסאָפּ?

מיסטאָמע צוליב אירע ברייט פּארשפּרייטע נעצנ פונ רעכילעס, וואָס אינ זיי זײַנענ שוינ ארײַנגעפאלנ, ווי פליגנ אינ א שפּינ־געוועב, קימאט אלע זעלמעניאנער.

פונ אינדערפרי אָנ שטייט פּאלקע באַם ראָג פונ רעבזעהויפ, די האנט איבערגעבונדנ איבערנ האלדז.

פאלקע איז באפרײַט פונ דער ארבעט לויט א ביולעטענ. ער שטייט אפ א זוניקנ אָרט אונ אנטפלײַט פרישע זומערדיקע רייכעס פונ געוועזענעמ רעב יאנקעוו־בויעזעס עפל־סאָד אפנ דריטנ הויפ, ווי עס טוענ כאַלויִמ. ער איז שטאָק ערנסט אונ פילט זיך ווי א סאָלדאט, פארהארטעוועט אינ די שלאכטנ מיטנ ברוקירער.

ס'איז זומער.

דער יונג בלאָזט אפנ פינגער, ווארעמט די איבערגעבונדענע וווּנד אפ דער זונ, אונ דאָ, בא אימ אונטערנ פלייצע, ניט נאָר וואָס מע איז קאלט צו זײַנע ווייטעקנ, זוכט מענ נאָך א וועג ווי־אזוי צו פארמיִעסנ זײַנ שיינגעוואָרענעמ נאָמענ.

די בייזע בלוטנ פונ די זעלמעניאנער קאָכנ, ווי בא גאזלאָנימ:

— זעט אקאָרשט, — זאָגט מענ, — צי דארפ דאָ ניט אמאָל דורכשפאצירנ די שנײַצערקע?

עס האנדלט זיך וועגנ דעמ, וואָס בייס דער בעהאָלע מיטנ ברוקירער האָט עפּעס איינער א ייִד דערציילט פאר א רעדל מענטשנ, אז ס'איז א טומל איגעמ רעבזעהויפ, ווײַל איינער א שנײַדערקעס א מאנ האָט צעמיימעסט א יונגנ זעלמעניאנער:

— דער זעלמעניאנער אויסוווּרפ האָט אימ פארפירט זײַנ ווײַב.

קענפיק יענער ייִד האָט עפּעס יאָ געהערט, נאָר ער האָט, נעבעכ, ניט געוווּסט וואָס.

דעמ פעטער פאָליעס ווײַבל האָט זיך אָבער באלד אָנגעכאפּט אַנ דער באָבע־מײַסע, ווי אָנ א טײַערנ שטיינ, אונ איז אוועק איבערנ הויפ מיט א טײַנע.

— האָב איך אײַך ניט געזאָגט, ווילדע ברויִמ, אז דער שנײַדערקעס מאנ וועט אימ מאזיקנ?

די זעלמעניאנער האָבנ געשוויגנ.

די זעלמעניאנער האָבנ אינ דער ערשטער רעגע נאָכגעגעבנ. מאנכע האָט זיך אפילע אויסגעדוכט אינ דער ערשטער רעגע,

אז זי איז גערעכט אויך ווארום די זאך לייגט זיך אפן סייכל.

אויב אזוי, האט שוין דעם פעטער פאליעס וויַבל דערציילט, אז דער שנייַדערקעס מאן פאדערט בא פאלקען א טייל פון דער הויצאע, ווארום דער יונגער מאן וויס גאנץ גוט, אז זייַנע זעקס קינדער זייַנען פון דער גאנצער וועלט.

דעמלט האט זיך דער פעטער איטשע פלוצלונג געכאפט אנעם געפערלעכן שווינדל.

— ליבער גאט!—האט ער זיך געטאפט דעם קאפ,—אבער דעם פינגער האט דאך אים צעקאליעטשעט דער ברוקירער?

די בייזע צונג האט קאלטבלוטיק א קוק געטאן אפן פעטער און נאכדעם האט זי זיך אויסגעקירעוועט צו אים מיט דער פלייצע.

— נו. און אז דער ברוקירער איז וואס? זאל איך אייַך עפּ־שער אויסצאלן?

זי האט א ביטערן שמייכל געטאן איבער דעם פעטער אי־טשעס נישטיקע פראגעס און דערציילט וויַטער. דעמלט איז שוין קיינער ניט געווען אימשטאנד אפצושטעלן אירע רעכילעס, זי האט געלייקנט אין די אויגן, כאטש איבערגערעדט האט זי שוין קיינעם ניט, כוץ עפשער א פאר אלטע זעלמעניאנער, וואס מע האט זיי פארגעסן אויסצומעקן פונעם בוך פון לעבן.

די געשיכטעס פון פאלקעס אויסגעלאסענעם פיר און פון זייַ־נע בלאנדזשענישן אין דער ליבע זייַנען אפ א העכערן אויפן אפגעשאצט געווארן בא דער מומע גיטען אין שטוב.

*

ס'איז זומער. די פליגן שטייען אויך צוגעקלעפט צו דער וואנט און טוען גארנישט.

אזא טאג איז א רויקער טאג פון באדענקען פאר דער מומע

גיטענ מיט אירע כאוועריטעס. זיצט מענ בא דעמ קאַלטנ אויוונ מיט די שפּאַקולנ אַפ דער נאָז. די מומע נעכע, פונ איינ זײַט, כאַפּט איבער א האַנט באַמ שיילנ די קאַרטאָפּליעס; פונ דער צווייטער זײַט—עסטער, די שרײַבערקע פונ די אַפּאַרנ, מיט די ווײַסע הענט אינ שויס, אָט אָ די הענט, וואָס האָבנ אויסגעציקלט אַזויפיל שיינע יידישע בוכשטאַבנ.

עס זיצנ די ווײַבער אונ באַהאַנדלענ דעמ שווערנ לעבנ פונ פאַלקענ, פונ אָט דעמ אויסגעלאָסענעמ, באַנדראַזשירטנ יונג באַמ ראָג הויפּ, וואָס איז באַשריבנ, ווי א מאַציייוויג, אונ וועט שוינ מיסטאָמע אָפּבלוטיקנ זײַנע יאָרנ ניט צוליב זײַנע אייגענע אוויירעס.

— אַפּאָנעמ,—זאָגט די מומע גיטע,—אַז זי האָט אינ אימ אַרײַנגעטאָנ אַסאַך ליובעזניק.

— וועמענ מיינענ זיי?—פרעגט עסטער.

— די,—זאָגט זי,—בא וועמענ פונ די ווײַסע שלייפּנ סע האָט זיכ געגאָסנ טאָמע־ליכט פונ דער לעוואָנע.

די פרומע מומע האָט אומישנע א רייד געטאָנ פאַרשטעלט, ניט אָנצורופנ דעמ פאַרדעכטיקנ נאָמענ. קענטיק, אַז זי האָט געמיינט די קאָנדראַטיעווע. די דאָזיקע מאַלקעשוואָ פונ די ווײַטע לענדער האָט עס אָנגעטרונקענ פאַלקענ מיט דעמ גראָז פונ ליבע אונ איצט וועט ער זיכ שוינ מוזנ, נעבעכ, אַרומשלעפּנ אונ ליבנ א גאַנצ לעבנ.

מע זאָגט, אַז איר נאַקעט לײַב האָט אויסגעשלאָגנ בא אימ אַפּנ האַרצנ, ווי א קרעצ.

דאָס ערגסטע איז אָבער, וואָס ס'איז ניטאָ קיינ טרופּע צו פאַלקעס פּלאָג.

אַמאָל איז געווענ א ייִד, א פרומער ראַבאָנישער ייִד, האָט ער אויסגעטרונקענ א פולע גלאָז ליובעזניק אונ ס'האָט אימ גע־

שטייעט צו פארליבן זיך ניינציק מאָל. דאָס מעשוגענע גרעזל פארבלענדט די אויגן, לויפט מען בלינדערהייט באַדיי אַפ הונ־דערטער מײַלן, ווו נאָר עס זיצט א פרויענצימער מיט אָפענע אָרעמס.

דעמלט זינדיקט מען און מען לויפט ווײַטער אַפ הונדערטער מײַלן.

אזוי איז מיט פאלקע דעם פעטער איטשעס.

— מע זאָגט, אז דאָס איז א מאטראָסקע זאך,—האָט דערקלערט די מומע נעכע און זי אליין האָט ניט געוווּסט וואָס זי רעדט.

ס'איז אָנהייב זומער.

איבער דער ברייט פונעם זוניקן הויף פאלן אָפ פון די שטיבער צוויי שאָטנדיקע דרײַעקן. קיין ביימער זײַנען ניטאָ אינעם רעב־זעהויף, אָנשטאָט דעם וואקסן דאָ אנדערע קעגנשטאנדן. סע בליט דעם פעטער יודעס דאך מיט א גרינעם, איידעלן פליוש. אין די קליינע פענצטערלעך בליִען וואזאָנעס אונטערן נאָמען— אליאש. סע בליט אינעם רעבזעהויף א פראָסטער פלאָקן, אַפ וועלכן סע טריקנט זיך א צעבערל. בא אביסל אופזיכט איבער דעם דאָזיקן פלאָקן, וואָלט פון אים זיכער ארויסגעקומען א גרויסע זאך, עפשער א בוים.

אָט אזוי גייען פארלאָרן פארשיידענע מעגלעכקייטן אינעם רעבזעהויף!

אַפ דער מומע גיטעס דאך שטייט אן אָנגעבלאָזענער וואָראָ־ביי, מיט אראָפגעלאָזענע פליגעלעך און טשיריקעט עפעס, וואָס איז ניט שיין און וואָס איז ניט מיִעס—געווג־איבער־גענוג פייגל־געזאנג פאר א דורכשניטלעכן זעלמעניאנער.

דעמלט איז פאלקע דעם פעטער איטשעס ארײַן צו דער מו־מען אין שטוב און אוועקגעלייגט אפן טיש א בריוו פאר טאָנ־קען.

דער בריוועטרעגער האָט אים דאָרטן, שטייענדיק באַם ראָג, איבערגעגעבן א בריוו, איבערגעשטעמפּלט מיט האַרטע שוואַרצע שטעמפּלען פון פּעטראָפּאַוולאָווסק אַפ קאַמטשאַטקע.

די ווייַבער האָבן באַקוקט דעם צעקאַליעטשעטן יונג, באַטראַכט אים מיט קענטשאַפט און גענוג ליבע־דערפאַרונג. די אייביק שטומע מומע האָט אומגעריכט פאַרפירט מיט אים א שטאַרק פאַרזאָרגטן שמועס:

— סע ציט דיך, מיסטאָמע, מייַן קינד, אין די ווייַטע שטעט?

— נאָך ווי!—ענטפערט ער.

— און וואָס זוכסטו דאָרטן, מייַן קינד, אין די גענעמשע שטעט?

— מאַלע, וואָס איך זוך.

זי האָט זיך אופגעהויבן גרייַלעך פאַרטראַכט:

— דו זאָג מיר, פאַלקעלע, וואָס, אַשטייגער, וואָלסטו פונקט אין אָט אָ דער רעגע געוואָלט?

די מומע גיטע האָט מיט אירע קאַלטע וּאַבאָנישע אויגן א קוק געטאָן אַפ אירע כאַווערטעס; די ווייַבער האָבן איר צוגע־שאָקלט מיט די קעפּ.

— מאַלע, וואָס כ׳וואָלט איצטער געוואָלט!

— נו זאָג, מייַן קינד, וואָס?

— איצטער, אין אָט דער מינוט, וואָלט איך זיך דורכגעפאָרן אַפ א וועלאָסיפּעד.

זאָגנדיק דעם עמעס, איז די מומע גיטע געבליבן ניט זייער צופרידן פונעם ענטפער.

— נו, וואָס נאָך?

— מאַלע, וואָס?

— דו זאָג, זונעלע, שעם זיך ניט, מיר זייַנען דאָ אַלץ על־טערע ווייַבער.

דאָס האָט די מומע נעכע געפונען פאַר נייטיק אויך אַרייַנ־זאָגן אַ וואָרט.

— כ'וואָלט אויסגעטרונקען אַ פלעשל ביר,—האָט פאַלקע גע־ענטפערט.

די ווייַבער האָבן אָפּגעזיפּצעט און די אַלטע פענעמער נאָך מער אייַנגעשרומפּן פון פאַרדראָס. די מומע האָט זיך אויסגע־גלייַכט מיט איר גאַנצן פאַרשפּילעטן ווּוקס, צו צום יונג און אַ רייד געטאָן מיט אַ קאָל, וואָס פון קיין מאַנצביל הערט מען ניט אַזוינעם:

— נו, און וואָס נאָך ווילט זיך דיר?

— מאַלע וואָס, זאָל איך זיך דאָ עפּשער אָוועקזעצן פאַר אייַך און דרעציילן?

פאַלקע איז שוין געוואָרן אינקאַעס.

— דרעציילן, צעלאָזענער יונג, דרעציילן!—האָט די מומע גע־שריִען אַפּן באַס.

ערשט דעמאָלט האָט דער כיטרער פאַלקע אויפגעדעקט דעם מיין פון דער מומען. מיסטאָמע וויל זי, די ראַבאָנישע ייִדענע, אַז ער זאָל פאַר אירע פרומע ווייַבער דרעציילן וועגן פרומקייַט. ער וויל, נעמלעך, לערנען געמאָרע. דער יונג איז אָבער אַן אויסוווּרף, האָט ער מיט דער לינקער, געזונטער האַנט אַ שאַר געטאָן די טשופּרינע אַפּן שטערן, צוגעגאַנגען צו דער הויכער מומען און אַרייַנגעזאָגט איר אין סאַמע פּאָנעם:

— מומע, איר ווילט וויסן וואָס איך וויל?

— נו?

— איך וויל קושן זיך מיט מיידלעך!

דעמאָלט איז די זאַך קלאָר געוואָרן.

די ווייַבער האָבן מיט שטומע בליקן געגעבן צו פאַרשטיין

דער מומען, אז איר האשאָרע וועגן פאלקעס מיעסער קרענק באַ־שטעטיקט זיך.

דער יונג איז א מיידלניק, אָן שום אויסוועג.

שווײַגנדיק האָבן זיי זיך צוריקגעזעצט צו די קאַרטאָפל, מיט פאלקען שוין מער ניט גערעדט. און אז די מומע גיטע האָט דערזען, ווי דער יונג שטייט פארלאָרן און וויל נאָך אלץ באַנע־מען, וואָס איז דאָ מיט אים פאָרגעקומען, האָט זי רויִק אופגע־הויבן צו אים איר שטרענג פּאָנעם אין די ייִכעסדיקע פאלבן, קנייטשן און שטריכעלעך, ווי א פּאָנעם פון א פּויפּסט:

— גיי, פאלקעלע,—האָט זי געזאָגט,—גיי ברענג אום נאָך עט־לעכע ערלעכע ייִדן פון דער וועלט!

ער האָט, נעבעך, געשוויגן פון ווייטעק.

דער יונג איז געשטאנען מיט הויכע, אָנגערוקטע פלייצעס, רויט פון ביזע־ביזאָיען.

איצט, בא דער מומע גיטען אין שטוב, האָט ער פלוצלונג באקומען דעם שווערן, אביסל אומגעלומפּערטן אויסזען פון די עלטערע טריוואלנע זעלמעני־אנער—בערע און פאָליע. פאלקע האָט זיך עפּשער צום ערשטן מאָל דערפילט אין א פרעמדער סוויווע אָפּגענארט און ארומגערינגלט.

ער האָט פון קאעס א ברום געטאָן אונטערן נאָז אף רוסיש, וואָס איז שווער איבערצוגעבן!

די האנט האָט אים ווייניקער ווי געטאָן—סאָפּקאָלסאָם האָט אים דער ברוקירער צעקאליעטשעט ערלעך, מיט א פארחויבענער האק אין העלן מיטן טאָג. שווער איז נאָך איצט געווען אראָפּ־צושלינגען אָט דעם ווײַבערישן גיפט, וואָס מען האָט אין אים אויַינגעטאָן מיט פארגלײַסטער ליבע און פאָרכטיקייַט.

אָט דאָס איז זי—די גרויסע, פרומע ליבע! אין מיטלאלטער האָט מען מיט איר געברענט אפּיקאָרסים אף די שײַטער־הויפנס.

פאַלקע איז צוגעגאנגענ א דערשלאָגענער צום טיר.

שטייענדיק שוינ אפנ שוועל, האָט ער די לינקע האנט צונויפגענומענ אינ א פויסט אונ דעם דאָזיקנ איינציקנ פויסט, וואָס ער האָט נאָר געקענט מאכנ, שווייַגנדיק א וויַיז געטאָנ די וויַיבער:

— ווארט, איר וועט נאָכ בא מיר אויכ קייַענ די ערד!

אונ א זעצ געטאָנ מיט דער טיר. ער איז אוועק, דער מערדער, וואָס האָט אומגליקלעכ געמאכט דעם ברוקירער אונ איצט דאַרשט ער שוינ געוויס אויכ נאָכ דעם ביסל בלוט פונ די לעצטע איידעלע וויַיבער אינעמ רעבזעהויפ.

שטיל אינ הויפ.

אדורכנ פענצטער האָבנ זיי אימ נאָכגעקוקט מיט שרעק, אונ באשייַמפערלעכ געזענ, ווי דער אויסוווּרפ איז אייַליק אראָפ אינ שטאָט — לויפנ זיכ אָדער מיט דעמ קלייַנעמ מיידל כאנעלע, אָדער מיט דער געלער שנייַדערקע, אָדער, כאסוועשאָלעמ, גאָר מיט דער קאָנדראטיעווע.

אונ דעמלט האָבנ זיכ אָפגעשטעלט אפ דער גאס, בא דער באָבע באשעס שטוב, די ערשטע פורנ ציגל.

אינ הויפ איז באלד פינצטער געוואָרנ פונ זעלמעניאנער. די עטלעכע פראָסטע פויערישע פורלעכ האָבנ מיט זיכ מיטגעבראכט א שרעקלעכנ אָנזאָג, אונ כאָטש געוווּסט האָט מענ אויכ בא דער מומע גיטענ, אז דער הויפ איז שוינ אמאָל געוואָרנ אָפגעמישפעט, האָט דאָכ איצט א צופ געטאָנ באמ הארצנ.

עס האָט זייער ווייַ געטאָנ פארנ אלטנ, נידעריקנ, ווארעמנ רעבזעהויפ, ווו סע גייט נאָכ אופ אמאָל אינדערשטיל דאָס גרעזל ליובעזניק, אונ, באנאכט, בא דער שייַנ פונ דער לעוואָנע, באווייַזט זיכ נאָכ אפילע די פארצייַטיקע מאלקעשוואָ אינ דער געשטאלט פונ זייער א דורכזיכטיקער גראפיניע קאָנדראטיעווע.

*

דער בריוו איז געלעגנ אפנ טיש. צאלקע איז אײַלנדיקערהייט אריַינ אונ פעסטגעשטעלט נאָכאמאָל, אז דער שטעמפל איז פונ פעטראָפּאװלאָװסק אפ קאמטשאטקע.

א גאנצנ נאָכמיטיק האָט יוליאנע געשריִענ מיטנ בײַכל אונ טאָנקע איז ניט געװענ. אינאָװנט האָט מענ איר אָנגעזאָגט, באלד פארנ שװעל פונ שטוב, אז מענ נעמט אראָפּ דעם רעבזעהויפּ אונ אז ט׳איז דאָ א בריוו פונ איר מאנ; ער בעט זי קומענ צו זיכ.

אזוי פארשטייט מענ דעם אינהאלט פונ א בריוו אינעם רעבזע־הויפּ בלויז פונ קוקנ אפנ שטעמפל.

צאלקע איז ניט ארויס. ער האָט ארומגעשפּאנט בא זיכ אינ דער שאָטנדיקער שטוב, ניט אָנגעצונדנ קיינ ליכט אונ אלצ ארויסגעקוקט אינדרויסנ: צי ברענט שוינ ניט דאָרטנ בא דער מומע גיטענ דער לאָמפּ מיטנ גרינעמ אבאזשור. זיצט טאָנקע אינ שטוב, הענגט שטענדיק א גרינע שיַינ פונ אנ אבאזשור בא איר אפנ פענצטער.

בא טאָנקענ אינ די שויבנ איז הײַנט געװענ פינצטער, כאָטש זי איז שוינ לאנג געזעסנ אינ שטוב.

דערנאָכ האָט זיכ פארשפּרייט א קלאנג אינ רעבזעהויפּ, אז טאָנקע װיינט.

פריִער איז אינ די שויבנ געװענ פינצטער אונ זי האָט גע־װיינט, שפּעטער האָט זיכ פונ פענצטער באװיזנ די גרינע שיַינ פונ לאָמפּ אונטערנ אבאזשור אונ זי האָט געװיינט.

מע זאָגט, אז פאלקע איז צו איר אריַינ אונ אָנגעצונדנ דעם לאָמפּ.

— אזוי? זי װיינט שוינ אויכ? גאָט צו דאנקענ!

— סע שאדט ניט,—האָט מענ שאלקהאפטיק בארויִקט דעם אוילעמ,—אויסװיינענ זיכ איז אלעמאָל גוט.

— טרערן מאכט איידעלער א מענטשן.

דערנאָך האָט זיך פארשפרייט א קלאנג, אז טאָנקע איז גע־בליבן אן אלמאָנע.

די זעלמעניאנער האָבן זיך דערוווּסט, אז איר מאן איבערהונ־דערטער מייל, וואָס געהאט האָט זי פון אים סיי־ווי־סיי נאָר הארטע שטעמפּלען פון פעטראָפּאוולאָווסק, האָט אָפּגעזאָגט די עטלעכע גילדן. ער איז דערטרונקען געוואָרן.

דער בריוו איז אָנגעקומען פון טאָנקעס א כאווערטע — ניוטע די קורצזיכטיקע. ביידע, לאָזט זיך אויס, האָבן ליב געהאט דעם איינעם דערטרונקענעם, און איצטער באוויינען זיי אים זאלבע־צווייט — איינע פון איין עק וועלט און די צווייטע — פון דעם אנ־דער עק וועלט.

פאלקע זאָגט, אז איר מאן איז געווען א גוטער יאט, פאר־שטייט זיך, אויך א שלימזל. אז מען איז אָבער געלאָפן צו אים נאָכפרעגן זיך, צי איז דער דערטרונקענער אויך דער טאטע פון טאָנקעס מיידעלע, האָט ער געענטפערט:

— ניט אייער זאך!

— מישט זיך ניט, אז מע בעט אייך ניט!

אלזאָ, אפילע אז מען שטארבט בא זיי, טאָרסטו זיך אויך ניט מישן.

טאָנקע וויינט. די ווייבער האָבן געעפנט די פענצטער, גע־הערט קלוימערשט: טאָנקע וויינט. מע זאָגט, אז זי זיצט מיט א נאָז־טיכל און באוויינט אירע יונגע יאָרן, ווער ווייסט זי איצטער נעמען מיטן קינד.

די זעלמעניאנער האָבן געשוויגן, איבערגעגעבן איינע די אנ־דערע דורך פארשיידענע ווונקען, וואָס האָבן זיך געפלאָכטן און געוועבט, ווי שווערע געוועבן אף א קאָנווייער, אז מע ווייס שוין געניי דעם גרונט פונעם דערטרונקענעם אין רעבזעהויף.

יערנפּאלס, איז א דערטרונקענער א שטראָף פאר עפּעס א גאנלאָוויסטווע און, צווישנ אונדז ריידנדיק, צי האָט מענ דאָ ניט אומגליקלעכ געמאכט א שטילנ ברוקירער פאר גאָרנישט און פאר גישט?

דעמלט איז געווענ די פּאסיקע צײַט. דער אלטער פּעטעי איטשע האָט געפּרוווט דעמלט א זאָג טאָנ פאר די ווײַבער דאָס ערשטע טוירע־וואָרט אפ זײַנ לעבנ, א טוירע־וואָרט, וואָס איז צום אומגליק באשטאָנענ פונ אסאכ פּייענ און האָט דעריבער דורכגעפּעכלט פאר די אויערנ, ווי א שלעכטער ווינט.

אומגעפּער אזוי:

— פּוכ מוכ לייפּאטפּוכ ווייפּאפּויכ לייפּאפּויכע!

דאָס איז, פארשטייט זיכ, עפּעס אפ לאָשנ־קוידעש.

בײַס מײַסע איז דער פּעטער צוליב ניט־געניטשאפט אביסל רויט געוואָרנ: האָט זיכ אָבער באלד דערפּילט כאָשעוו אינ די אייגענע אויגנ. די ווײַבער האָבנ זיכ אויכ איבערגעקוקט מיט גרויס שטוינונג, וואָס דער פּעטער איטשע איז שוינ אויכ א לאמדנ.

און דעמלט איז דער פּעטער איטשע ארויס אינ הויפ. בא טאָנקענ האָט געברענט דער לאָמפּ אונטערנ גרינעמ אבאזשור. לאנג האָט זיכ דער פּעטער ארומגעדרייט אינ הויפ, אָפּגעשטעלט זיכ בא די אויסגעלייגטע ציגל און צו עמעצנ געשאָקלט מיטנ קאָפּ, געהויבנ די הויזנ, ביז ער האָט ניט ארײַנגעקוקט סאָפּקאָלסאָפּ אינ טאָנקעס פּענצטער: זי איז געזעסנ אראָפּגערוקט אפ דער אלטער קאנאפּע, דאָס קינד—בא איר אפנ שויס, און געקוקט האָט זי פּראָסט אפ דער קעגניבערדיקער וואנט, נאָר אינ די אויגנ זײַנענ, אפּאָנעמ, געשטאנענ טרערנ.

אָט אזוי, אלזאָ, באווײַנט מענ א מעס!

דער פּעטער איטשע איז אוועק צו זיכ אינ שטוב און געטראכט:

— דער מאַן איז ניט קיין מאַן, דאָס ווייַנען איז ניט קיין ווייַנען און די וועלט איז קיין וועלט ניט!

פאַלקע איז אַראָפּגעלאָפן פון הייס קלאַפּן ערגעץ אַ טעלע־גראַמע.

*

באַנאַכט איז צאַלעל דעם פעטער יודעס אַרייַן צו טאַנקען, אַרייַן צו איר, הייסט עס, מענאַכעמאָוול זייַן. צאַלעל איז געזעסן מיט די ברילן אויף דער נאָז, שטיל און שמאָל, ווי איינער עלי־פעז האַטיימאַני איז אמאָליקע צייַטן געזעסן בייַ אַ געוויסן מענטשן אייִעוו. די שייַן פון אונטערן אַבאַזשור איז געפאַלן אויף זייַנע ווייַסע, שמאָלע הענט אויפן טיש.

דעמאָלט איז ער געזעסן אַ שאָ און געשוויגן. קיין געדאַנקען זייַנען אין קאָפּ ניט געווען, וואָרום ער האָט שוין אַלץ אַזוי גוט ווי אָפּגעטראַכט. דערנאָך האָט ער אַ קוק געטאָן אין טאַנקעס זייַט. אייַנגעגאַרטעט אין ווינקל פון קאַנאַפּע, האָט זי מיט אַ בלייַ־פעדער עפּעס געשריבן אין אַ בלאָקנאָט, כאָטש דאָרטן אין ווינקל איז געווען גוט פינצטער.

מיטאַמאָל האָט צאַלעל אַ פרעג געטאָן:

— און אַז איך וועל שטאַרבן, וועסטו אַביסל ווייַנען?

טאַנקע האָט אַ קוק געטאָן פאַרטראַכט און גאָרנישט געענט־פערט.

— און אַ ביסל טאָן אויך ניט?

זי האָט געשוויגן.

— דו ביסט אַ שלעכטע.

אָט דאָס האָט ער געזאָגט. ער איז צוגעגאַנגען צו דער קאַנאַפּע און איר געגעבן די האַנט.

*

אינ הויפ איז מענ געזעסנ בא וועטשערע. די פענצטערלעכ מיט אנ עלעקטריש־צעשטראלטנ פײַערל אינ די שײַבלעכ האָבנ זיכ פריילעכ געשאָקלט אינ דער זומערדיקער נאכט, כאָטש ס׳איז גאָרניט אזוי פריילעכ געווענ אפנ הארצנ.

אדורכ די שויבנ זעט מענ, ווי דער פעטער איטשע, אָנ א רעקל, מיט פארקאשערטע ארבל פונ העמד, זיצט איבערגעבויגנ איבער א שיסל אונ זופט פונ א הילצערנ לעפל—א סימענ, אז ער עסט מילכיקס. דער פעטער איטשע האָט איצטער געטאָנ צוויי ארבעטנ: ער האָט געגעסנ אונ באטרויערט דעם הויפ.

אויבנ, אינ מויער, זײַנענ די פענצטער געשטאנענ אָפנ. עט־לעכע שטימעס עלטערע אונ קינדערישע, האָבנ זיכ געריסנ מיט די לעצטע קויכעס אונ געזונגענ מיט לאנגזאמער זעלמעניאנישער היסלאוועס א לאנגע, לאנגזאמע ליד, וואָס האָט דאָ אינ הויפ שוינ אויסגעהויכט איר מעלאָדיע:

טשײַ פילא,
סאמאָוואַרניטשאלא,
ווסיו פאסודו פערעבילא,
באקוכארניטשאלא.

דאָס האָזעדיקע קעלכל פונעמ פעטער פאָליעס ווײַבל האָט אויכ נאָכגעהאלטנ; ערנוואָרט, בעסער ווי טרײַבנ ריעכילעס, כאָטש ס׳איז פונדעסטוועגנ א באלאָנעס צו זינגענ הײַנטיקע נאכט אינ הויפ.

דער גרויסער בער איז געהאנגענ איבער דער מומע גיטעס שטוב. דעמלט איז צאלקע ארופ אפנ הויפישנ לייטער.

ער איז געגאנגענ גרינג, פאָרזיכטיק אונ ווייכ, ווי א גאנעוו. זײַנ טונקל־שווארצ געשטאלט האָט זיכ אויסגעטיילט פונ טונקל־

בלויען הימל מער מיט איר שמאָלן אומעט, ווי מיט איר קאָליר. צאלעל איז באלד פארשוווּנדן אין לאָך פון בוידעם.

איבערן קאָפּ האָט אים אדורכגעלויכטן דער איבערגעשימלטער דאך, געלאטעט מיט שטיקלעך שטערנדיקן הימל. ער האָט גע־טאפּט אינדערפינצטער, די קראָקוועס—פּיַכט, באדעקט מיט א קאלטן שימל. די פיס זיַינען געקראָכן אין איבערגעפוילטע שמאטעס, אלטע שקראבעס, פאסטקעס פון מיַיז.

צאלעל האָט אריבערגעוואָרפן דאָס שטריקל איבער א קראָקווע, אונטערגעשטעלט עפּעס אונטער די פיס און נאָכדעם איז ער געבליבן הענגען.

דעמלט האָט א פלאץ געטאָן דער דאך, עפּעס האָט אים גע־געבן א זעץ אין פּאטילניצע, האָט ער זיך א שליַידער געטאָן אפּ אונטן מיט דעם מוירעדיקן געדאנק אין קאָפּ, אז צאלעל דעם פעטער יודעס איז שוין ענדלעך אין א מאזלדיקער שאָ געשטאָרבן.

דער געזאנג אין הויף האָט זיך איבערגעריסן. דער לאנגוויַי־ליקער געזאנג פון די לאנגוויַיליקע זעלמעניאנער האָט זיך איבער־געריסן. איבערגעשראָקענע אזש ביז צום כאלעשן, זיַינען זיי האלב־נאקעטע געשפּרונגען דורך די פענצטער.

— א סרייפע!

— וואָס איז געשען, ליבער גאָט?

— ס׳איז גאָרנישט געשען. עס איז איַינגעפאלן בלויז א שטיק דאך פונעם פעטער יודעס שטוב.

אויבן האָבן א פּאָר קראָקוועס ארויסגעסטארטשעט צום אויס־געשטערנטן הימל, ווי קרומע ביינער, און פון אונטער זיי האָט ארויסגעגלאָצט, ווי א גרוב, די אָפּגעדעקטע אומהיימלעכע פינצ־טערניש פון בוידים.

די גראָבע ציינער האָבן זיך געשאָקלט אין מויל ניט פון קעלט,

נאָר פון פּאַכעל. איצט איז שוין קלאָר, אַז דעם רעבזועהוויפּ וועט מען אַראָפּטראָגן פון דער וועלט.

— טו, אַז דער הויף צעפאַלט פאַרט שטיקערווייַז!

— באַלעבאַטים, אַ שטיקל דאַך ניט געקענט צוזען!

— אַיַ, וועט מען עס צעטרייַבן פון הויף, ווי די עמעסע קלאָווים.

און דעמאָלט האָט זיך פּלוצלונג צאַלקע באַוויזן אין בוידעם־לאָך מיטן שטריקל אפן האַלדז. ער האָט אַרויסגערוקט אַ לאַנגע פוס צום לייטער.

באַלד האָבן זיי, די פינצטערע זעלמעניאַנער, פאַרשטאַנען אין וואָס סע גייט. אין הויף איז שטיל געוואָרן, ווי אפ אַ בעסוילעם. בלויז דעם פעטער פאָליעס ווייַבל האָט נאָך דער ערשטער צעדרו־דערונג געסטייַעט מוט און זי האָט אויסגעשריִען:

— געהערט, אַ מענטש זאָל זיך ניט קענען אַמאָל אופּהענגען!

— וואָס האָסטו צו דעם טאַטנס שטוב?!

— פּעגירע, וואָס האָסטו זיך אָנגעזעצט אפ אונדזער לעבן? איינע אַ ייִדענע האָט געוויינט.

צאַלקע האָט אָבער, דאַכט זיך, גאָרנישט געהערט, געגאַנגען, נידאָגעדאַכט, אַראָפּ לייטער און געזונגען עפּעס אָן ווערטער, גע־מיינט, מיסטאָמע, אַז דאָס גייט ער שוין אַרום אפ די לייטערס פון יענער וועלט.

אונטן האָט ער מיט פאַרלאָפענע אויגן באַטראַכט די צערודער־טע זעלמעניאַנער, אופגעהויבן אַ האַנט צו זיי, ווי ער וואָלט געבעטן:

— זייַט אַמאָל שטיל!

ס'איז פאַרשטייט זיך, געוואָרן שטיל. האָט ער זיך אָנגענומען פאַרן שטריקל פון האַלדז און אַ רייד געטאָן צו די מענטשן זייער דייַטלעך, ווי קיינמאָל ניט, אפ אַביסל אַ הייזעריקלעכן קאָל:

— די שפּיל, — האָט ער געזאָגט, — איז איצט פאַרענדיקט. אונ־דזערע אַקטיאָרן, ווי איך האָב אײַך פריִער געזאָגט, זײַנען אַלע גײַסטער און זיי זײַנען צעשמאָלצן געוואָרן אין דער לופט, אין דער דינער לופט. און פּונקט ווי דער געבײַ אָן א פונדאַמענט פון דער דאָזיקער אילוזיע, אַזוי וועלן צעשמאָלצן ווערן די טור־רעמס מיט די וואָלקן־היטלען, די שטאָלצע פּאַלאַצן, די פײַערלעכע טעמפּלען און די גרויסע ערד־קויל גופא. ענלעך צו דער פאַרשווונדענער, האַפּטלאָזער פאָרשטעלונג וועט עס ניט איבערלאָזן הינטער זיך קיין שפּור. מיר זײַנען אַלע פון אַזאַ מין שטאָף פון וועלכן עס ווערן געמאַכט כאַלוימעס און אונדזער קליינער לעבן איז אַרומגערינגלט מיט שלאָף. איעם וועקסט, ביר וויס מײַ וויקנעס. מיי אָלד ברעין איז טראָבאָלד. בינאָ די סטאָרבד וויס מײַ אינפירמיטי!

בא דעם פעטער איטשען זײַנען געשטאַנען טרערן אין די אויגן.

— אָט וואָס עס קען ווערן פון א מענטשן!

*

צו וואָס איז אין יענעם אָוונט געווען געגליכן דער רעבזעהויף?

דער רעבזעהויף איז אין יענעם אָוונט געווען געגליכן צו אַן אַלטער סאַזשלקע, וואָס אירע וואַסערן האָבן איבערגעפוילט, גרין איז צווישן דעם וואַסער און די אַראָפּהענגנדיקע צווײַגן, וואַסערדיק־קראַנק איז די לופט, כאָטש א גאָלדענער קאַראַס טוט נאָך ווען א כליופּ מיטן קאָפּ אין בלאָטע און דעמלט טוט זיך א קנייטש די גראָבע, גרינע הויט פון וואַסער.

אינדערפרי האָט מען סאָפּקאָלסאָפּ געפונען צאַלעל דעם פעטער יודעס א טויטן. ער איז געהאַנגען אין שטוב אף דער מײַרעוו־דיקער וואַנט.

# 22

## דעם פּעטער פּאָליעס פּאַלנ

מענדע דעם גארבערס צוויי שווארצע שטיבער באַם ברעג טײַכל, ווי צוויי מיסטקאסטנס, זײַנען ארומגעוואַקסן מיט א הויף פון א האַלבן קילאָמעטער, מיט גרויסע קאָרפּוסן, מיט א ציגלענעם קוימען אַפ א הונדערט קלאַפטער אין הימל, מיט א נעץ שמאָלע ליניעס, עלעקטרישע דראָטן, טעלעפאָנען, מיט א שטענדיקן אַוו־טאָמאָביל באַם ארײַנגאנג אין קאָנטאָר, מיט א זומער־גאָרטן, מיט קלובן, ביבליאָטעקן, לאַבאָראַטאָריעס, אינזשענערן, און מיט א הודאָק, וואָס האָט אַן אייגענעם רויקן גארבערישן קאָל.

פֿאַרטאָג, ווען די פאַבריקן צעשרײַען זיך איבערן שטאָט, הערן די גארבערס ארויס פון שלאָף די רויקע שטים פון אייגענעם הודאָק, וואָס טיילט זיך אויס פון אלע מיט א נידעריקער ברייטער שטים, ווי א באַס פון אַן אָרקעסטער.

דעמלט שפּריצט ארויס ליכט בא דעם פּעטער פּאָליען אין פענצטער; באַלד צינדט זיך אָן די עלעקטרע בא בערען.

פֿאַרטאָג, אין דער גרויער שײַן פון באַגינען, זינגען ניט קיין שטערן; איבערן רעבזעהויף גייט אַן איבערוף פון סירענעס.

*

דער לעדער־זאוואָד האָט זיך ארופגעבויט אף סוויסלאָטש, ווי א נייַע שטאָט. דאָס מוטנע טײַכל האָט איצט אדויסגערונען פון אונטער אים. און אויסגעקומען איז, אז דער זאוואָד האָט עס ארויסגעלאָזן דעם סוויסלאָטש איבער די שארע, ווײַסרוסישע פעלדער.

געוועזן אלטע גארבער, דערהויפּט צווישן די סמארגאָנער פּי־ליזאָפן, וואָס האָבן א גאנצן לעבן געוווּסט, אז נאָר זייערע גלי־דער זײַנען באשטימט אף צו דובען פעל: די הענט, די באָרוועסע פיס, דער קאָפּ, די פלייצעס און אפילע די צונג,—די אלטע גאר־בער זײַנען איצט ארומגעשטעלט געוואָרן מיט וואלק־מאשינעס, שפּאלט־מאשינעס, רעק־מאשינעס. האָבן זיך די מענטשן דערפילט אביסל אָפּגענארט, ארומגעבלאָנקעט און געגענעצט איבער די צעכן, ווי עמעצער וואָס האָט עפּעס אינ מאָגן. צו די מאשינעס האָבן זיי, די אלטע גארבער, געזוקט די „כוטשקעס", אליין איז מען געקראָכן אין זאלנע, ווו מע קאָן נאָך שטיין מיט דער קאָסע איבער דער פעל.

כעמע דער גארבער, דער זעכציק־יאָריקער קלוגער כעמע, איז געוואָרן א בראקירער אינ דער פאלצער־אָפּטיילונג. בא די גרויע פענצטער שטייען די מאשינעס. כעמע האָט שטענדיק געזוען פאר זיך אינעם מאטעווען ליכט פון צעכ נאָר די הוילע געקנאָטענע פלייצעס פון די פאלטשער, וואָס האָבן שווײַגנדיק געצויגן די גרינע פעלן. ער איז געשטאנען מיט די שפּאקולן אף דער נאָז, אָנגע־שפּארט דעם קאָפּ אינ די הענט, איבער דעם הויכן טישל מיט אָנגעוואַליעטע פעל און געווארט אף אָפּנעמען די פארטיעס. אזוי ווארט מען אינ בעסמעדרעש נאָך דער לאנגער שמוינעסרע אף דעם ראָוו.

עס איז אים, נעבעך, געוועזן זאַלקע אפן הארצן.

*

אין דער זאַלנע איז נאַס. דאָרטן פאַלט א טונקל־גרינע שײַן פון די אויבערשטע שײַבלעך; די לופט — פּײַכט און גרינלעך, און די מענטשן זעען דאָרט אויס, ווי אפן גרונט פון א טיפן טײַך.

דער פעטער פאַליעס פּאָנעם — געבײיניקט און געקניפּלט, איז גרין, ווי קאַקטוס. ער שטייט מיט דער קאַסע איבערן קלאָץ, קימאַט ניט קיין מעכאַניזירטער, דער זעלביקער פאַליע וואָס אמאָל; א וויש מיט דער גומענער הענטשקע איבער דער פעל, א פּאָר שאַרן מיט דער קאָסע און באַלד ציט ער אַרופּ א צווייטע פעל אפן קלאָץ. דער גערוך אין דער זאַלניע שחימט, ווי א וואָלקן, שווער און געדיכט. אָן דעם דאָזיקן גערוך קען אָבער דער פעטער ניט אַרבעטן.

אמאָל איז געקומען א מיידל פון א קאָמיסיע, ווי נאָר זי איז אַרײַן אין זאַלניע האָט זי זיך א כאַפּ געטאָן בא דעם האַלדז:

— וואָס שמעקט דאָ אַזוינס?

דער פעטער פאַליע האָט זיך אַרומגעקוקט, א שמאָר געטאָן מיט דער נאָז און געענטפערט:

— איך הער גאָרנישט.

דערנאָך האָט ער א ווונק געטאָן צו טראַכימן פון נאָווינקי, זײַן אייביקן פרײַנט. א שמייכל האָט זיך אויסגעקנייטשט אפּ זייערע פּענעמער אין טויזנטער קליינע קנייטשעלעך, פאַרשמירט די פּיצלעך אויגן; א גליקלעכער שמייכל אפּ אָט דעם מיידל, וואָס קומט דאָ שמעקן אין דער זאַלניע.

דער פעטער פאַליע איז געווען א כיטרער יונג.

*

א לעוואָנע נאַכט. די מאַטע שײַן רינט אַראָפּ פון צווישן די ווערבעס אפן סוויסלאָטש. דאָס פאַרשלאָפענע וואַסער צווישן די

קורצע, קנאָפּיקע ביימער זויגט אריין אין זיך די קילע לעוואָנעשיין און עטעמט ארויס צו די ברעגן א זיסע ווארעמקייט. אָט אזוי, הייסט עס, לעבט אויך דער סוויסלאָטש לויט די נאטור־געזעצן.

ניט ווייט פון לעדער־זאוואָד גיט א פּלעסק דאָס וואסער. א ביינערדיקע געשטאלט מיט א זעקל אף די פּלייצעס גייט ארויס פונעם סוויסלאָטש. ניט קיין וואסער־מיידל איז ארויס אפן שטילן, אויסגעלעוואָנעוועטן ברעג, ניט קיין וואסער־מיידל מיט צעפלאָכטענע צעפּ צו קישעפן די פארבייגייענדיקע גארבער—דאָס איז פעטער פּאָליע אריבער דעם סוויסלאָטש מיט א געגאנוועטער פעל אפן פּלייצע. סע סטארטשעט אָפּ דער הארטער וואָנצ פונעם אָפּגעווייסטן פּאָנעם.

צווישן גראָז ציט זיך אוועק א שמאָל שטעגעלע, ציט זיך און פארדרייט זיך, ווי א לאנג שטריקעלע, ווייט איבער דעם געמויזאכץ און נאָכדעם גייט עס בארג ארופּ צו די איינציקע קליינע שטיבלעך.

פּאָליע גייט מיטן זאק אפן פּלייצע.

דעמלט גיט ווידער א פּליעסק דאָס וואסער. סע גייט ארויס א צווייטע ביינערדיקע געשטאלט פון סוויסלאָטש—דאָס איז בערע דעם פעטער איטשעס.

אומזיסט, האָט מען, אלזאָ, פארשפּרייט א קלאנג, אז מען האָט בערען אראָפּגענומען פון דער מיליציע, ווייל ער האָט קלוימערשט דורכגעלאָזן א גאנעוו. בערען איז שוין לאנג ניט געפעלן די גענג פונעם כיטרן פעטער.

— פונוואנען נעמט עס א ייִד צו פּיאנעווען?

די לעוואָנע באשפּריצט די פייכטע קוסטעס, וואָס באם ברעג טמכל. ס'איז קיל די לופט, אנטשוויגן אף דורכזיכטיקע וויאָרסטן ביזן האָריזאָנט. שאָטנס. לופט. רייכעס. פּאָליע שטעלט זיך אָפּ,

באטראכט דעם שטאָנדיקנ מענטשנ הינטער אים אונ פארקירע־
ווערט באלד צו די פעלדער.

דער שטאָנדיקער מענטש—נאָכ אים.

דעמלט נעמט פאָליע שפּרינגען צו דער באנ־ליניע, דריקט פעס־
טער דעם זאק צו דער פּלייצע, נאָכדעם שפּרינגט ער אריבער
דעם בריק אונ לאָזט זיכ צום וואלד.

דער שטאָנדיקער מענטש—נאָכ אים!

אויב אזוי איז דעם פעטער פאָליענ ביטער געוואָרנ אפנ
הארצנ. ער האָט צוריק מיט די פעלדער אוועקגעשפּרייזט ארום
אונ ארום צו דער שטאָט, געשפּאנט א באגאָסענער מיט שווייס
אונ געזענ אפנ שטערנדיקנ מעהאלעכ הינטער זיכ דעם מענטשנ,
וואָס איז געגאנגענ רויִק, פּוסטריט, אינ איינ ריכטונג מיט אים,
פונקט אלע—פאָליע, די לעוואָנע, דאָס זעקל אונ דער מענטש
זײַנענ פונ איינ שטיק.

די פעלדער—באגאָסנ מיט כרופּקנ, זילבערלעכ ליכט. די איינ־
ציקע ביימעלעכ, ווי אָנגעצייכנט אינדערלופטנ. ניט קיינ ריר,
ניט קיינ שאָרכ.

דער מענטש גייט פונהינטנ.

דעמלט האָט דער פעטער פאָליע באשלאָסנ, אז ער האָט אלע־
מענ אינ דער ערד. א האלבע נאכט האָט ער ארומגעבלאָנקעט
מיט דעם זעקל איבער די פעלדער, נאָכדעם ארומגעקראָכנ אינ
די זײַטיקע געסלעכ פונ שטאָט, ביז ער האָט זיכ קאם מיטנ לעבנ
ארײַנגעכאפּט אינ רעבזעהויפ.

דער רעבזעהויפ האָט מיט די קליינע פענצטערלעכ ארויסגעפינקלט
פונ אונטער די רישטאָוואניעס. דער רעבזעהויפ איז געלעגנ ווי
א צענומענער זייגער, אפנ פעטער יודעס שטוב האָט געפעלט דער
דאכ. טיפ אינ הויפ, נעבנ מויער—א פײַערל אונ צעגויפגעקוטשע־
בורעט נעבנ אים א מענטש—דער וועכטער פונ דער בויונג. אָנ־

געבויגנ צו די ווענט שטייענ דראָטענע נעצנ, אהינטער זיי—פּרישע בערגלעכ דורכגעזיפּטע זאמד. צווישנ דעמ אָנגעוואלגערטנ געהילצ שטייענ, אײַנגעגראָבענע אינ דער ערד, די וואפּנע־קאסטנס, אָנגעגאָסענע איצטער מיט לעוואָנע־שײַנ.

דער רעבזעהויפ—ארומגעקלאפּט מיט ברעטער, פּארוואלגערט מיט ציגל, לייטערס, אײַזערנע טרויבנ האָט מיט די איבערגע־פּוילטע דעכלעכ, מיט די פּארקלעפּטע פּענצטערלעכ ארויסגעקוקט אונטער דער לעוואָנע, ווי אנ ארויסגעגראָבענער בעסוילעמל.

דער פּעטער פּאָליע איז אריבערגעשפּרונגענ די וואפּנע־קאסטנס אונ פּארשוווּנדנ מיט דעמ זעקל אפּנ פּלייצע אינ דעמ פּינצטערנ לאָכ פונ מויער.

דאָס פֿײַערל אינ הויפ האָט זיכ געבלעטערט, געכאפּט אָנ די טרוקענע שײַטלעכ האָלצ אונ ס׳האָט זיכ געהערט ווי דער רויכ גייט ארופ צומ הימל. עס האָט זיכ געהערט, ווי די גרילנ כאפּנ ארײַנ די לעצטע לידער אינ די צעקרוכניעטע ווענט פונעמ רעב־זעהויפ. עס האָט זיכ געהערט, ווי די לעוואָנע רירט אָנ די שײַב־לעכ אינ די קרומע, אײַנגעבויגענ פּענצטער.

נאָכדעמ האָט דער וועכטער, זיצנדיק באמ פּאָרפלענדיקנ פּײַערל, געזענ, ווי די זעלמעניאנער האָבנ זיכ פונ די שטיבער א לאָז גע־טאָנ צומ מויער. די ווײַבער האָבנ געבראָכנ די הענט. עס איז קיינמאָל ניט געווענ אזוי שטיל אינעמ רעבזעהויפ. הויל אונ וויסט. די לעוואָנע האָט ארומגעוועבט מיט א שפּינוועבס דעמ הויפ צווישנ די שטיבלעכ אונ שטילער נאָכ ארײַנגערונענ אינ די טונקעלע פּירהויזלעכ.

פּלוצלונג האָט א קלונג געטאָנ אשויב, אויבנ אינ מויער, ס׳האָט זיכ ארויסגעריסנ א ביטערער געהײַל. באלד איז ווידערשטיל געוואָרנ. דער וועכטער האָט זיכ אופגעהויבנ: קענטיק, אז די זעלמעניאנער דאָרטנ, אויבנ אינ מויער, מאָרדעווענ זיכ איצטער ביז טויט.

באַ דעם פּעטער פּאָליען איז שטוב איז געווען ענג. די מענטשן צווישנגעפּרעסטע האָבן זיך געשטויסן מיט די שטערנס, געשאָקלט מיט די קעפּ אַף דער קלאָג מיט פּאָליען, וואָס זײַנע ייִדענע האָט אים דערפירט אַפילע צו גנייווע. אינמיטן שטוב, איבערגעבויגן איבער דעם זאַק, האָט געסטאַרטשעט פאַרגליווערט דעם פּעטער פּאָליעס ברייטע, שטומע פּלייצע. די האַרטע, ביינערדיקע פּלייצע האָט אַרויסגעשטאַרצט מיט טעמפּער זעלמעניאַנישער אַקשאָנעט. בערע האָט אים גאַנץ קאַלטלעך אָנגענומען פאַר די זײַטן און אָפּגעשטופּט.

דעמלט האָט פּעטער פּאָליע אויפגעהויבן אַ האַנט און אַראָפּ־געלאָזן אַ פּראַסק. דאָס איבעריקע איז שוין געוואָרן אומקלאָר, פינצטער, ווי אַ פּלעם אין די אויגן.

אַרום און אַרום האָט אַ שליידער געטאָן מיט הענט, ענג — ביז ניט צו עטעמען, און געקנאַקט האָט פון אונטן, פון אויבן מיט אַזוינע מוירעדיקע בענצן, ווי מע זעצט אַ דובניע אין דער ערד. דאָס איבעריקע איז געוואָרן אומקלאָר, האַרט ווי אַ קני אַפן האַרצן.

דער פּעטער פּאָליע איז מיסטאָמע געלעגן סאַמע אונטן; די קלעפּ איבער די אָנגעוואַלגערטע מענטשן זײַנען דערגאַנגען, ווי אַ ווײַטער אָפּהילך, האָבן שוין צו אים קיין שײַכעס ניט געהאַט, בלויז עפּעס אַ האַנט האָט זיך אין אים אײַנגעשפּאַרט, אַרומגענומען מיט די אויסגעשפּרייטע פינגער דאָס גאַנצע פּאָנעם און פון דער נאָז געמאַכט דערווייסט וואָס.

ווען דער נאָז רעדט זיך שוין ניט, ס'האָט געהאַלטן, אַז די נעשאָמע זאָל ניט האָבן פונוואַנען אַרויסצוקריכן.

דעם פּעטער האָט מען נאָכדעם אָפּגעגאָסן מיט אַן עמער וואַ־סער. ער איז געלעגן, ווי אַ געפאַלענער פערד, צעשליידערט די לאַנגע הענט און פיס און געסאָפּעט מיטן בויך.

און באַם טיר איז געשטאַנען זי, פּאָליעס ווײַבל, די הענט

פארלייגט אפנ בויכ, די אויגנ—טרוקנ, אונ געקלאָגט אפ א פרעמדנ קאָל, א קאָל, וואָס גייט פונ א קיילע אונ ניט פונ א מענטשנ:
— פארוואָס האָט ער דאָס אימ געשלאָגנ? פארוואָס—אנ איי־ גענעם פעטער? אונ צי אזוי שלאָגט מענ א מענטשנ?

נאָכדעמ האָט פאָליע געפרווט איינריידנ די זעלמעניאנער, אז עמעצער האָט אימ געגעבנ די פעל אביסל אפ צוהאלטנ אונ איז אנטלאָפנ, אונ בלויז צוליב זיינ ערלעכקייט קומט אימ איצטער אויס צו ליידנ. מע האָט אימ ניט געגלויבט. אינ א פאָר טעג ארומ האָט זיכ פאָליע פלוצלונג דערמאָנט, אז די פעל האָט ער אליינ אָפגעשונדנ פונ א פערד, וואָס ער האָט אימ נאָכדעמ באַ־ גראָבנ, נאָר ער געדענקט ניט ווו.

דער פעטער איטשע איז צוליב אומפארשטענדלעכע סיבעס ארומגעגאנגענ איבערנ הויפ אונ געהייסנ, מע זאָל פאָליענ אומ־ באדינגט גלויבנ; ער האָט אפילע צוגעגעבנ, אז בערענ, דעמ אייגענעמ זונ, וועט ער ניט ארופלאָזנ אפנ שוועל.

די זאכ איז שוינ אָבער דערגאנגענ צו ווייט אונ סאָפקאָלסאָפ האָט פאָליע אופגעהערט צו זוכנ סיבעס פאר דער אומפארשטענד־ לעכער געשעעניש. ער האָט געקוועטשט מיט די פלייצעס, וואָס האָט געדארפט באטייטנ, אז ער וווּנדערט זיכ אליינ אונ אז אפ א נאטירלעכנ אופנ קענ ער די זאכ ניט דערקלערנ.

---

## 23

# דער גרויסער געריכט

בייסנ געריכט אינ קלוב איבער פּאָליעס געניוועז איז ער, דער נידערגעשלאָגענער פּאָליע, געזעסנ אפ דער בינע—די לאנגע הענט אפ די קני, אראָפּגעלאָזנ דעמ קאָפּ אונ געשוויגנ. די זיבנהונ־דערט ארבעטער פונ זאוואָד זײַנענ בײַגעווענ אפנ געריכט. דער רעבזעהויפ, דער באוואקסענער רעבזעהויפ מיט די צעריסענע עלנבויגנס, איז געזעסנ אפ די פּאָדערשטע בענק, געשטיקט דעמ וויסטנ ביזאָענ אינ די בערד פונ מאָדנעמ געפיל, אז דאָ מישפּעט מענ ניט פּאָליענ, נאָר דעמ הויפ. פּאָליעס ווײַבל האָט אימ אינ א קאָשיק געבראכט דעמ וואַרמעס, אונ, שטייענדיק בא דער בינע, אלע ווײַלע אטכײַעט מיט עפּעס דעמ פארשמאכטנ פּאָליענ.

באמ טיש זײַנענ געזעסנ די ריכטער—דרײַ אלטע ארבעטער פונ זאוואָד. אונ צווישנ די קנוילנ רויכ איבערנ רויט־געדעקטנ טיש האָט אָבער אויכ ארויסגעקוקט נאָכ א קאָפּ, אנ ארומגע־ראזירטער, הארטער קאָפּ. נאָכדעמ האָט מענ זיכ דערוווּסט, אז דאָס איז ער—פּאָרשניעוו, א לעגענדארע געשטאלט פונעמ רעב־זעהויפ. ער איז געזעסנ אָנגעשפּארט אפ ביידע הענט איבערנ טיש אונ געצויגנ פונ א פּאפּיראָס.

די זעלמעניאַנער זײַנען געזעסן האַלב אין שטוינונג, האַלב אין שרעק. עס האָט זיך בעשומזיפן ניט געגלויבט. דער רעבזעהויפ האָט איצט באַשײַנפּערלעך געזען, ווי זײַנער נאָך אַ ווינטערדי־קער כאָלעם פון די טוכלע שטיבלעך ווערט פאַקטישע וואָר; דעם פּאָרשניעוו קען מען איצט נעמען און אָנקוקן מיט די אויגן.

דעמלט האָט פעטער איטשע אַראָפּגעלאָזן אַ פאַרוווּנדערטע האַנט אונטערן באַנק און שטילערהייט אַ קניפ געטאָן די מומע מאַלקעלע אין קני:

— קוק, און פאַרשטיי, וואָס דו זעסט!..

די מומע מאַלקעלע האָט בעקוקט: אָט דאָס איז ער—בערעס מאַזל. אָט דאָס איז פּאָרשניעוו, וואָס זײַן נאָמען האָט זיך ווינ־טער, אין דער מעטעליצע, אַרײַנגעריסן פּלוצלונג אינעם רעבזעהויף, די שרעק פון ברוקירער, פּאָרשניעוו, וואָס האָט בערען אַריבער־געוואָרפן פון דער מיליציע אפן זאַוואָד. אָט דאָס איז ער, וואָס טרייסלט די אַלטע ווענט פונעם רעבזעהויף.

— דאַכט זיך, אַ מענטש ווי אַלע מענטשן?!

— ביסט אַ בעהיימע!

עס זײַנען אַרויסגעטראָטן די אַלטע אַרבעטער פון זאַוואָד. עס האָט גערעדט ווינצענט, דער גרײַז־גרויער מײַסטער פון כראָמ־צעך. ער האָט דערוויזן, אַז פּאָליע איז אַן אָפּגעשטאַנענער עלע־מענט. עס האָט גערעדט ווישניעווסקי דער פאַלצער און דער־וויזן, אַז שולדיק איז דער רעבזעהויף, די קליינבירגערלעכע סוויווע, וואָס טאָטשעט פּאָליען, ווי אַ וואָרעם. עס האָט גערעדט דער אַלטער כעמע, כעמע דער בייגער, וואָס טוט אָן די שפּאַקולן באַם ריידן, אַנדערש הערט ער ניט די ווערטער און די קלוגע מעשאָלים, וואָס ער ברענגט. ער האָט געזאָגט, אַז שולדיק איז נאָר פּאָליע. זײַנע שיינע מעשאָלים, דערהויפּט וועגן אַ שנור און

א שוויגער, האָבנ באַזונדערס אויסגענומענ בא די סמאָרגאָנער גארבער, ווײַל עס איז שוינ פעסטגעשטעלט, אז אינ סמאָרגאָנ רעדט מענ מיט מעשאָלימ. טראָכימ האָט גערעדט. ער האָט געזאָגט עטלעכע ווערטער פונ אָרט, געקנייטשט דאָס היטל אינ האנט אונ סאָפקאָלסאָפ פארענדיקט, אז ווי דער געריכט וועט אורטיילנ איז גוט. קלאָר, אז ער האָט זיכ ארויסגעמאכט. וואָס זאָל מענ טאָנ, אז ער האָט פאָרט ליב געהאט פאָליענ ווי דאָס לעבנ? עס האָט גערעדט דער נידעריקער שימטשיק, דער וואָס שפילט אינ אָרקעסטער. אויכ ער האָט גענומענ א וואָרט קעגנ פאָליענ, כאָטש פונעמ בלאָזנ אינ דער טרובע באַמבלט זיכ בא אימ דער צונג צווישנ די ציינער. עס האָט גערעדט קוניע דער שמיד פונ מאָנטאזש-צעכ, קוניע, וואָס באמ ריידנ מוז ער צוקלאפנ מיטנ פוס, ווי ער וואָלט געשטאנענ באמ בלאָזאק. עס האָט גערעדט מיטשוליכע דער באָמשטשיק, דער וואָס האָט פינפ אונ צוואנציק יאָר זיכ געוויקט, ווי א פעל, אינ מענדע דעמ גארבערס צאָפעס. איצטער רעדט ער שוינ מיט הוילע דזשאסנעס. מיטשוליכע האָט געבעטנ, אז דאָס מאָל זאָל מענ פאָליענ מויכל זײַנ.

אונ דעמלט איז עס געשענ.

דעמלט האָט פאסירט עפעס אזוינס, וואָס האָט אונטערגעגראָבנ די זעלמעניאנער אינ וואָרצל. אראָפגעלאָזנ די קאלטע נעזער, האָבנ זיי נאָכדעמ געקוקט אפנ געפאקטנ קלוב דורכ גראָבע טרערנ אינ די אויגנ אונ גאָרנישט ניט געזענ.

— א וויסטע כארפע!

די מויד, טאָנקע דעמ פעטער זישעס, האָט אויבנ אפ דער בינע ארויסגעגעבנ פאר די ריכטער זייער געלאסנ, נאָר מיט א מאָדנעמ גיפט די אלע קליינע סוידעלעכ פונעמ רעבזעהויפ. עס האָט זיכ ניט געגלויבט, אז אייגענע בלוט זאָל טראָגנ אזוי־פיל סינע צומ הויפ. גערעדט האָט זי רוס, אונ מיסטאָמע נאָר

צוליב דעם איז ניט געווען אלץ פארשטענדלעך, כאָטש עס האָט גוט ווי געטאָן אויך יעדער אומפארשטאנענער וואָרט:

— די זעלמעניאנער,—האָט זי געזאָגט,—האָבן געוואָלט פאר־שטיקן פאָליעס גנייווע. עס האָט זיי ניט געפאסט, מער ניט, ווײַל ס'האָט זיי ניט געפאסט. וואָרום וואָס איז דער רעבוזעהויף אין גרונט? דער רעבוזעהויף, אויב ער גאנוועט ניט, קען ער אָבער אלע שאָ גאנווענען. עמעס, נאָר צו קליינע ברעקעלעך פון אומעטום. אזוי גאנוועט א זעלמעניאנער. דער ברוקירער האָט זיך פונדעסט־וועגן אָנגעשלעפּט א פולן קופערט. א פינצטערע גרוב איז דער רעבוזעהויף,—האָט זי געזאָגט,—פאראן א זעלמעניאנערטע, וואָס פארמאָגט נאָר איין זילבערן לעפל און זי וואקלט זיך שוין צו גיין מיטן פראָלעטאריאט. עס לוינט איר ניט. די זעלמעניאנער קלײַבן פון דוירעס א שטריקעלע צו א שטריקעלע און אפ דעם בויען זיי די וועלט. פאראן אין הויף אביסעלע גײַווע, און אביסעלע ליגן, און אביסעלע גנייווע, און אביסעלע כניפע, ווײַל לעכאטכילע איז א זעלמעניאנער צוזאמענגעשטעלט פון קליינע ביסעלעך. ער האָט ניט קיין בענק און קיין מאיאָנטקעס, האָט ער אָבער אכצן פאמוניצקעלעך, צוועלף קופערנע קענדלעך, א רינאל און א מופטע און נאָך און נאָך. שטענדיק פארטאָן, ווי א מילב, בלײַבט נאָכדעם פון א זעלמעניאנערס לעבן בלויז א קליין לעכעלע, אָבער פול איז דאָס דאָזיקע לעכעלע מיט פינצטערניש און טעמפּקײַט. דער פעטער פאָליע האָט דאָך גע־וואָלט זײַן א הייב־מאשין! די פינצטערניש איז אזוי גרויס, אז אונדזער וואָר ווערט דאָרטן פארוואנדלט אין א כאָלעם, און, פארקערט, קלאנגען, באָבע־מײַסעס באקומען בלוט און פלייש און עקזיסטירן אין רעבוזעהויף, ווי לעבעדיקע באשעפענישן. אזוי האָט פאסירט מיט איינער א מאשיניסטקע אין וולאדיוואָסטאָק, וואָס לעבט נאָך ביזן הײַנטיקן טאָג אינעם רעבוזעהויף אין דער

געשטאלט פונ א גראפיניע. דער רעבזועהויפ לעבט פונ שטיקלעכ אָפפאל, רעשטלעכ פונ אבערגלויבנ, רעליגיע, פארקריפלטע נאיִווע יעדיִעס פונ פארשיידענע וויסנשאפטנ. צוזאמענ מיט אונדזערע פיִאָנערנ באווײַזנ זיכ פלוצלונג אינ די זעלמעניאנישע שטיבער לאמעדוואָוניקלעכ, ייִדעלעכ מיט פידעלעכ, וואָס טאנצנ אפנ דראָט, לייקענענ אָפ די לופט בלויז מיטנ אייגענעמ שארפנ סייכל. מע פירט אײַנ עלעקטרע, דערבײַ בליט ערגעצ אינ א ווינקל פונ א טוכלנ שטיבל דאָס קישעפדיקע, גראָז ליובעזניק. עס טרעפט, אז מענטשנ גייענ דאָ ארומ, ווי אינ א הינער־פלעט, פלוידערנ ווי פונ שלאָפ, אונ די אויערנ הערנ ניט וואָס דאָס מויל רעדט. אָט דאָס איז דער רעבזועהויפ. עס זײַנענ אָבער דאָ אזוינע, וואָס מאכנ פונעמ הויפ א וועלט־אָנשויונג, א וויסנשאפט, אנ אידעאל. אָ, די זעלמעניאנער־דענקער, וואָס האָבנ אפילע געפרווט פעסטשטעלנ אנ אייגענע קולטור אינעמ רעבזועהויפ, די קולטור פונ קליינע ביסעלעכ. צאלע, א וויסנשאפטלער, א געבירטיקער פונעמ זעלביקנ הויפ, האָט אזוי לאנג געפאָרשט די אייגנטימלעכקײַט פונ די זעלמעניאנער, ביז ער האָט זיכ ניט אופגעהאנגענ פונ גײַסטיקער אָרעמקײַט...

אָט דאָס האָט זי געזאָגט.

דער פעטער איטשע האָט א וויש געטאָנ די נאסע אויגנ פונ כארפע. ס'איז געווענ אזוי, ווי מע וואָלט דאָ אויסגעטאָנ די זעלמעניאנער אונ ארויסגעשטעלט זיי הויל־נאקעט אפ דער גאס. ער האָט זיכ, נעבעכ, געשעמט פאר דער אייגענער נאָז.

אינ קלוב איז געשטאנענ א טומל. די אויבעטער האָבנ, דעמ עמעס זאָגנדיק, אויכ אביסל געצווייפלט. קוימ געוואָלט גלויבנ, אז ס'זאָל דאָ ניט ווײַט פונ זאוואָד עקזיסטירנ א הויפ, ווו די מענטשנ לעבנ אינ אימ, ווי אינ א פארקישעפטנ שלאָס. דערהויפט האָט זיכ געקאָכט טראָכימ פונ נאָווינקי, פאָליעס אייבי־

קער כאווער. ער, א שטענדיקער אײַנגייער אינעם רעבזועהויפ האָט פארזיכערט, אז אינ הויפ איז גאָרנישט ניטאָ. פראָסטע יידלעכ, האָרעפּאַשניקעס, אונ טאָנקענ האָט ער פראָסט פּאָשעט באַשולדיקט אינ אנטיסעמיטיזמ. ער האָט פונ זאל א הייב געטאָנ דאָס היטל צו פּאָליענ, ווי א צייכנ, אז דער פעטער מעג דאָרט זיצנ פולשטענדיק רויִק.

די ריכטער האָבנ אויסגעפרעגט פּאָליענ.

איצט האָט שוינ די שטומורע ניט גערעדט צו דער זאכ, גע־פּלוידערט, אז בלויז צוליב אנ אָפּגעשונדענעמ פערד איז ער געוואָרנ א גאַרבער, אונ ניט קיינ זייגערמאכער, אונ צוליב אנ אָפּגעשונדענעמ פערד וועט ער ביכלאל גיינ פונ דער וועלט. ער האָט געהאָלט אײַנריידנ זיכ אונ די ריכטער, אז אנ אָפּגעשונ־דענער פערד איז דער מאזל פונ זײַנ לעבנ. דאָס איז אימ ניט געלונגענ. וועגנ טאָנקענ האָט ער זיכ אויסגעדריקט, אז בא אימ איז א גראָבער קאָפּ אונ ער פארשטייט ניט, וואָס זי רעדט. ער מיינט, אז זי לאָזט א רויכ אינ די אויגנ.

— אָבער גאנוועננ ווערסטו נאָכ?

פּאָליע האָט זיכ אופגעהויבנ אונ דערקלערט, אז ער וועט זיכ אריבערקלײַבנ אינ דער נײַער דירע, וועט ער ניט גאנווענ.

— ווילסטו דערמיט זאָגנ, אז שולדיק איז די קליינבירגערלעכע ארומרינגלונג? — האָט געפרעגט דער ריכטער וואסיליעוו, א מאַ־שיניסט פונ זשעלאטינ־צעכ.

ער האָט א טראַכט געטאָנ ווי בעסער איז אונ געענטפערט פראָסט:

— איכל מער ניט גאנוועננ.

דער געריכט איז אוועק בארּאטנ זיכ. אינ קלוב — טונקל פונ רויכ אונ שווייס. דעמלט איז פּאָרשניעוו אראָפּ פונ דער בינע אינ זאל. די ארבעטער האָבנ געוואָלט הערנ זײַנ מיינונג וועגנ געריכט, נאָר ער איז אוועק פּאָשעט אונ זיכ צוגעזעצט צו די

זעלמעניאנער. ער האָט דערלאנגט א האנט דעם פעטער איטשע. עס האָט א גאָס געטאָנ א גרויסער שטראָמ געפילנ אינ די זעלמעניאנישע הארטע, געביינינקטע פענעמער, אומגעריכטע גע־פילנ צו בערענ אונ צו זײַנע כאווײרימ.

פאָרשגיעוו האָט געשמייכלט.

עס לאָזט זיכ אויס, אז ער קענ די זעלמעניאנער. ער האָט זיכ נאָכגעפרעגט וויפל, אשטייגער, פארדיננט דער פעטער איטשע, וואָס איז געוואָרנ מיטנ פעטער יודעו. אז צאלקע האָט זיכ אופ־געהאנגענ, האָט ער שוינ אויכ געוווּסט. עס לאָזט זיכ אויס, אז בערענ האָט ער דאפקע ליב. סאָפּקאָלסאָפ איז דער פאָרשניעוו א פראָסטער מענטש מיט א פראָסטנ קוק אפ זאכנ אונ ס'איז בעפיירעש ניטאָ וואָס צו שרעקנ זיכ.

די קלוגע מומע, די מומע מאלקעלע, האָט דעריבער אויסגע־נוצט די געלעגנהײט אונ דערקלערט אימ אלצ, ווי דער עמעס איז.

— וועגנ די זעלמעניאנער,—האָט זי געזאָגט,—איז נאָכ ניט אזוי, ווי מע מאכט. מענ איז טאקע איינפאכע מענטשנ, ניט פונ גרויסנ שניט, אָבער ערלעכ איז מענ פונ אלעמאָל אונ א וואָרט איז א וואָרט. אונ דאָס מעג מענ זײַנ זיכער, אז אויכ פאָליע, כאָטש ער איז א מענטש מיט א גראָבלעכנ כאראקטער, ווײַל ער האָט ניט געוואָלט לערנענ, אויכ ער וועט מער ניט אָנרירנ פונ זאווּאָד, וואָס א האָר איז ווערט, וואָרומ ער שטאמט פונ גאָר שיינע עלטערנ. וועגנ טאָנקענ,—האָט זי געזאָגט,—וויים מענ ניט, וואָס זי וויל. עמעס, דאָס מיידל האָט א שלעכט לעבנ, עפּעס האָט זי זיכ ניט געקענט צונויפקומענ מיטנ מאנ. מענ האָט, אפּאָנעמ, ניט געשטימט, איז איר, פארשטײט זיכ, ניט גוט אפנ הארצנ אונ זי רעדט וואָס מענ דארפ ניט. אָבער אויכ זי האָט א גאנצ איידעלנ כאראקטער אונ מע זאָל איר איבערלאָזנ גאָלד, וועט זי נים טשעפּענ.

פֿאַרשניעוו האָט זיך געלאָזט ריידן.

האָט די מומע מאַלקעלע באַקומען מוט און גענומען דערווייזן, אַז, לויט איר שׂכל, דאַרף מען דעם רעבזועהויף ביכלאַל ניט אַראָפּנעמען, וואָרום נאָך אַלעמען איז אַ שאָד דאָס געלט אויך. זי האָט געקוקט אויף אים, געוואַרט, וואָס ער וועט זאָגן. פֿאַרשניעוו האָט געלאַכט. ער האָט אַ קלאַפּ געטאָן די אַלטע מומען איבער דער פּלייצע און צוגעגעבן:

— נאַדאָ, נאַדאָ!

דעמאָלט האָט די מומע מאַלקעלע שוין אויך געלאַכט פֿון איידל־קייט וועגן.

*

שפּעט באַנאַכט איז דער רעבזועהויף געגאַנגען פֿון געריכט. אַ קילע, אויסגעשטערנטע נאַכט. פֿאַרויס, אינעם לייכטן ריקל, האָט זיך געררוקט דער הויכער פּעטער איטשע, צונויפֿגעדרייט איינ־דרייען, ווי אַן אַלטער באָק (איטשקע דער באָק) פֿאַר דער סטאַדע. נאָך אים האָבן זיך שווייַגנדיק געשלעפּט די ייִדענעס, די אַלטע איבערגעדרייטע לאָמפּן פֿונעם רעבזועהויף.

עס איז שוין אַלץ געווען קלאָר.

רעב זעלמעלעס קעניגרײַך, וואָס האָט זיך געצויגן באַ זיבעציק יאָר, אין אַ מעשׂה פֿון דויערס, איז אונטערגעגאַנגען, און ניט נאָר וואָס עס וועט ניט דערבויט ווערן יענער ברונעם, דער כאָ־לעם פֿון רעב זעלמעלען, אַז די זעלמעניאַנער זאָלן האָבן צו טרינקען אייגענע וואַסער, נאָר עס וועלן אַראָפּגעראַמט ווערן פֿון דער ערד די שטיבלעך, די פֿלענקענער, די שטעלכלעך, דער זעל־מעניאַנישער מײַערל גופֿע, וואָס איז געווען אַזויפֿיל יאָרן דער אומפֿאַרגלײַכלעכער שטאָלץ פֿון די צענדליקער זעלמעלעך.

דער רעבזועהויף האָט זיך איין לעצטן מאָמענט באַגאַנוועט. ניט אַזוי די גנייווע, ווי דער שיינער געריכט, ווו מען האָט אָפּגע־

דעקט יעטווידער שמאטקעלע פונעם רעבזעהויפ, געטאפט אינ די בעבעכעס — ווי איז דאָרטנ גוט, צי שלעכט. אונ עס האָט זיכ ארויסגעוויזנ, אז נאָכ דער גרויסער פארגאנגענהייט האָבנ די זעלמעניאנער גאָרנישט באמ לייב אונ לעבנ, כוץ די צענ פינגער. רעב זעלמעלע אַלעוואשאָלעמ האָט געבויט אפ זאמד, אונ ער, דער פעטער איטשע, דער לעצטער פירשטלעכער זונ פונ די זעלמע־ניאנער, איז איצט געגליכנ צו אלע גרויסע קייסאָרימ, וואָס האָבנ פארלאָרנ די טייערע קרוינעג אינ דער בלאָטע.

ער האָט געשמאכט.

באמ ראָג גאס איז געשטאנענ טאָנקע. זי האָט געווארט אפ די געלאסענע זעלמעניאנער, וואָס בלייבנ שטענדיק רויק, לאנג־זאמ אונ קאלט. דער פעטער איטשע האָט אָפּגעפירט צוריק אהיימ דעמ פארמישפעטנ רעבזעהויפ.

פארבייגעגאנגענ איז שטומ דער רעבזעהויפ, געקלאפט מיט הילצערנע פאָדעשוועס אָנ ברוק אונ מוירעדיק געשוויגנ צו דער מויד. אונ אז טאָנקע איז אראָפ צו זיי פונ טראָטואר, קלוימערשט פארווונדערט, וואָס זיי דערקענענ זי ניט, האָט פעטער איטשע פלוצלונג א הויב געטאָנ דאָס פינצטערע פּאָנעמ.

— אנטיסעמיטקע, אוועק פונ אונדזער אָרנטלעכער מישפּאָכע!

— אוועק, פארשאָלטענע מויד!

פונ די ווייבער האָט א גאָס געטאָנ מיט טויטע קלאָלעס. עס האָט א קער געטאָנ דאָס הארצ. די מויד האָט זיכ געשווינד ארויסגעקירעוועט אונ פארשווונדנ אהינטער'נ ראָג. זי איז האסטיק אוועק מיט דער צווייטער גאס, אוועק עפּשער אפ אייביק פונעמ רעבזעהויפ, אונ ס'האָט איר געקאָכט דאָס בלוט אפ אָט דעמ אומזיסטנ לעבנ, וואָס האָט זיבעציק לאנגע יאָרנ געכליופּעט, ווי א מוטנע וואסערל אונטערנ וואנט.

זי האָט זיכ אפילע ניט אומגעקוקט.

---

# 24

## כײַקע,
## װוּ ס'טע אװעקגעשטעלט
## דעמ װײקשאפט?!

די לעצטע טעג פונעמ רעבזעהויפ זײַנענ דורכגעגאנגענ, װי אינ א רויכ. די זאכנ זײַנענ אומגעשװומענ פאר די אויגנ אונ אינ זיקאָרנ איז קימאט גאָרנישט ניט פארבליבנ. עפּעס געדענקט זיכ נאָר א נאסע, אויסגעמויערטע װאנט, װאָס האָט מיט איר רויטער פרישקײַט געװאָרפנ א שרעק אפ די אײַנגעפאלענע שטיבלעכ. דאָס איז פונ צװישנ די רישטעװאניעס ביסלעכװײַז געקראָכנ די צוקערקעס־פאבריק „קאָמונארקע".

די זעלמעניאנער האָבנ זיכ ביז דער לעצטער מינוט געשטופּט אינ די אלטע שטיבלעכ, װוּ ס'איז שוינ קיינ שײַנ פונ טאָג ניט ארײַנגעקומענ, אונ עפּעס א גאנצנ מעסלעס האָט זיכ פונ ערגעצ־װוּ הינטער די רישטעװאניעס, געבעטנ א קאָל אינעמ רעבזעהויפ:

— כײַקע, װוּ ס'טע אװעקגעשטעלט דעמ װײקשאפט?

— הא, װוּ א'ז דער װײקשאפט?

עס האָט, ווײַזט אויס, געהאַלטן שלעכט מיט איינעם א ווייק־שאַפט. דער רעבזועהויפּ, ניט געווינט צו הייבן זיך פון אָרט, האָט פארלאָרן דעם קאָפּ.

אין יענע הייסע, זומערדיקע טעג האָט א זעלמעניאַנער געקוקט אַף א זעלמעניאַנער מיט בעטנדיקע אויגן, געוואָלט דערגיין, וואָס טוט ער דאָרטן, אייגנטלעך, אינעם פינצטערן שטיבל אונטער די רישטעוואַניעס. עס האָט ניט געהאָלפן. א זעלמעניאַנער האָט פֿײַנט מען זאָל וויסן, וואָס ער טוט.

עס זײַנען געשטאַנען די קאָמאָדלעך ארומגעבונדענע מיט שטריק, די בלעכענע עמער אָנגעשטאָפּטע מיט קישנס, און אַפן פריפעטשיק האָט נאָך אלץ געטליִעט צווישן א פּאָר האַלעוועש־קעס א זעלמעניאַנער פֿײַער, א נודנע פֿײַערל, וואָס קאָכט פּיש־בולבע.

*

עס פארגעדענקט זיך צאַלע דעם פעטער יודעס לעווײַע.

דער דאָזיקער יונגערמאַן, וואָס האָט פארשריבן די געשיכטע פון זײַן לעבן אַפן וואסער, איז געקומען צו קוורע אין איינעם מיטן רעבזועהויפּ.

מען האָט פון אונטער די רישטעוואַניעס ארויסגעשלעפּט די רויטע טרונע פונעם יונגן זעלמעניאַנער. די לעווײַע האָט זיך אָפּגעצויגן מיט די זײַטיקע געסלעך. קיינער פון די פאַר־בײַגייער האָט זיך אפילע ניט אָפּגעשטעלט א קוק טאָן ווער סע ליגט אין אָרן, און געשטאָרבן איז צאַלעל—דער לעצטער איי־דעלער באָכער פון רעבזועהויפּ.

די זון האָט געבאַקט. פּאַזע די טראָטואַרלעך זײַנען קאַשטאַנען־ביימער געשטאַנען מיט זומערדיק אָנגעצונדענע ליכט, דורכגעלאָזן פריִער די טעלעכע בערדיקע פּוסגייער און נאָכדעם די דראָשקע

מיט סאָניע דעם פּעטער־זישעס און די מומע מאַלקעלע. סאָניע איז, פאַרשטייט זיך, געלעגן בײַ דער מומען אויפֿן האַרצן און די ניט־דערפֿאַרענע ייִדענע האָט איר געמוזט געבן שמעקן פֿון די פֿאַרשיידענע פֿלעשעלעך.

ס'איז געפֿאָרן פּאַוואָליע אַן אָרעמער קאַטאַפֿאַלק אַ רויטער, מיט באַזילבערטע גאַלקעס; אויף דער הויכער קאָזלע — אַ באַוואַקסענער פֿורמאַן, ווי אַ מאַלעכאַמאָוועס.

און דער ווייטיק, פֿאַרשטייט זיך, איז געווען גרויס!

די זעלמעניאַנער האָבן געשוויגן, ניט אַזוי צוליב אָפּשײַ פֿאַרן מעס, ווי צוליב דעם, וואָס ס'איז פּראָסט פּאַשעט ניט געווען וואָס [illegible].

ערשט אינעם שמאָלן געסעלע פֿאַרן בעסוילעם האָט זיך בײַ וויזן אויף אַ פֿאַרקאַן אַ נאָמענלאָז פֿייגעלע, אַ פֿייגעלע פֿאַר וועמען צאַלעל האָט אַ לעבן געקעמפֿט מע זאָל עס אָנרופֿן שפּערל, און אַ טשירקע געטאָן אַ לאַנגווײַליק ניגנדל אָנשטאָט דעם באַרימטן טרויער־מאַרש שאָפּענס. דאָס נאָמענלאָזע פֿייגעלע איז אָבער געווען גענוג געלערנט און האָט אים דאָרטן אויפֿן פֿאַרקן, וואָס פֿאַרן בעסוילעם, סאָפּקלסאָף אָפּגעזונגען אויך דעם באַוווסטן פֿערז פֿון היינעס געזאַמלטע שריפֿטן, באַנד 1, זײַט 457:

קיינע מעססע ווירד מאַן זינגען,
קײַנען קאַדאָש ווירד מאַן זאַגען,
ניכטס געזאַגט אונד ניכטס געזונגען
ווירד אַן מײַנען שטערבע טאַגען.

אַ פּאָר שיקערע ייִדן האָבן נאָכדעם אָפּגעטאָן צאַלען דאָס רעכט. די קאַבראָנים זײַנען געשטאַנען מיט די רידלען און געקוקט אויף די פֿינגער, נאָר געגעבן האָט מען זיי אָט דאָס. ס'איז קיינעם ניט געלעגן אין קאָפּ.

דער אַלטער פֿעטער איטשע האָט זיך געווישט מיט א גרויסער טוך די טרערן. בעסאַכאַקל האָט ער, דאַכט זיך, מיט צאָלקעם קײנמאָל קײן וואָרט ניט אַרויסגערעדט, נאָר ער האָט אים פֿאָרט באַוויינט פֿון איידלקייט וועגן, ניט צו פֿאַרשעמען דעם מעס.

א הייסער זומערדיקער טאָג.

הויך אין הימל איז א קליין, ווייס וואָלקנדל געשווומען סאַמע איבערן בעסוילעם. די לופֿט — דורכזיכטיק ריין, ווי ס'וואָלט טאַקע קײן לופֿט ניט געווען. ס'האָט זיך ניט גערירט א בלאַט אויף א בוים.

און באַם פֿאַרשאָטענעם קייווער, וועמען אַלע זײַנען שוין אַוועק, איז נאָך אַלץ געשטאַנען עסטער, די שרײַבערקע פֿון די אָפּאָרן, זי — אויסגעפּוצט אין איר שוואַרצער שאַל, מיט א פּאָר הייסע אויגן, וואָס האָבן אַראָפּגעגלאַנצט פֿונעם מעליקן, אויסגעצויגענעם פּנים איז ביז שפּעט אײנאָוונט געשטאַנען מיט פֿאַרבראָכענע, ווײַסע אויסגעשריבענע הענט איבער דעם אומעטיקן בערגל זאַמד.

זי האָט געלאָזן א טרער.

עסטערן, די שרײַבערקע פֿון די אָפּאָרן, האָט זיך געדאַכט ניט אָפּ צום פֿלײַסן, אַז זי שטייט עס איבערן קייווער פֿון אָט דער וויסנשאַפֿט, פֿון וועלכער זי איז אַמאָל געווען איינע פֿון אירע גרונט-לייגער.

ס'איז געווען שפּעט זומער, און אונטן, אין טאָל, נידעריקער פֿון בעסוילעם, האָט שוין געבליט קאַרטאָפֿל.

*

און אָט וואָס מען האָט אַרויסגעראַטעוועט אין לעצטן מאָמענט פֿון אומגעקומענעם רעבזעהויף:

צוועלף קופּערנע פֿענדלעך, אַכט טעפּ גרויסע, קופּערנע, זעכצן טשוהונעס, דרײַ קופּערנע ליאַקן, פֿינף — ליימענע, זעקס אײַזערנע

קאָטשערעס, פיר פּאַמעלעכ, זיבעצנ ריבײַזנס, אכצנ פּאמוניצקעלעכ קליינע, 4 גרויסע, א שופל פונ מעל, א וויעכעטש, א פושקע פּנ וויסאָצקעס טיי, א פלעשל מיט שווארצע יאגדעס, א ראָגאָזשע נאָכ א גאנצ גוטע אפּ צו באשלאָגנ א טיר, א רינאלי א מופּטע, א הארטע הוט, איבערגעבליבנ פונעמ פעטער זישענ, אלעוואָשאָלעמ, א שנירל מיט אויסגעטריקנטע שאָלעכצ פונ ציטרינ, איינ וואָליק; דער צווייטער איז ווי איג וואסער ארײַנ, א טינטער, א מעשענע שאָל אונ א וואָג, א ווײַסע קאכליע צג מאכנ א הערינג, א בעריאָזאָווע קלעצל. דער פעטער פּאָליע האָט פונ וואנט אראָפּגעריסנ א פּארצעלײַענ טעפּעלע פונ עלעקטרע אונ די מומע גיטע—א מעזוזע פונ טיר, עפּשער וועט זיכ נאָכ אײַנגעבנ אינ די נײַע דירעס ארופשלאָגנ ערגעצ א מעזוזע.

באמ ראָג הויפּ איז שווארצ געוועב פונ מענטשנ:

— וואָס זאָגט איר צו די רעב זעלמעלעכ?—דערווײַלע קריגט מענ די פײַנע דירעס!

— אומזיסט אונ אומנישט!

פרומע יִדנ, קעסטניקעס, מיט שטעקלעכ אינ די הענט, מיט שיינע בערד, זײַנענ גאנצע טעג געשטאנענ באמ רעבזעהויפּ אונ האָבנ אויכ באהאנדלט אפּ פארשיידענע אויפאנימ דעמ איניענ זעלמעניאנער. מענ האָט אײַנגעזוענ אינ דעמ א פינגער פונ נעגישעס. א זעלמעניאנער, אז ער האָט זיכ באוויזנ פונ אונטער די רישטעוואניעס, איז מענ אימ באלד באפאלנ ווי איינעמ, וואָס איז ארויס פונ א כוילע מעסוקנ:

— נו וואָס, טאקע ניט גוט?

דער זעלמעניאנער איז פלוצלונג געוואָרנ קארג אפנ וואָרט, באטראכט די רעדלעכ מענטשנ מיט א העכערנ סאָרט קוק, ווי איינער וואָס וויס שוינ באָרכאשעמ אלצ, נאָר ער זאָגט ניט, אונ ער איז באלד צוריק פארשווונדנ אונטער די רישטעוואניעס צו

דער געהיימניספולער ארבעט–מיסטאָמע רײַסן ששוועקעס פונ ד'ווענט.

אזוי האָבנ די זעלמעניאנער צעשלעפּט דעמ רעבזעהויפּ שטיקלעכווײַז, געגריזשעט אימ שטילערהייט אונטער די ברעטער, ווי א כאָפּטע מײַז, געפּאקט אינ די קאסטנס אונ צעטראָגנ אימ ווי אײנציקע פּעדימ פונ אנ אלטנ צעטרוכנעטנ בעגעד. דערנאָכ, אז די געמויערטע ווענט האָבנ זיכ גענומענ ציִענ אויכ צו די שטיבלעכ האָט מענ דאָרטנ, אונטער די רישטעוואניעס, געפונענ בלויז א שײַנ פונעמ רעבזעהויפּ, שפּינוועבס, הוילע ריפּנ אונ מערגאָרניט, נאָר באנאכט האָט נאָכ אלצ געשריִענ א מיידלשער קאָל אינעמ רעבזעהויפּ:

— כײַקע, ווו סטע אוועקגעשטעלט דעמ ווייקשאפּט?

— הא, ווו איז דער ווייקשאפּט?

עס איז שוינ געווענ נאָכ אלעמענ. איבערנ הויפּ האָט זיכ געריסנ א גרויסע שײַנ פונ עלעקטרישע לאָמפּנ. ס'האָט זיכ געטראָגנ א געהילכ פונ צענדליקער העק. הויכ איבער די שטיבער האָט שווער געסקריפּעט א הייב־מאשינ, וואָס האָט דערלאנגט ציגל צו די העכסטע שטאגעס. די ליכטיקײַט, פארנומענ דעמ גאנצנ הימל, האָט געפּלייצט איבער די אלטע דעכלעכ פונ דער אָפּגעלעגענער גאס, אָפּגעשלאָגנ אינ די קליינע פענצטער פונ די נידעריקע שטיבלעכ, ווו מענ האָט געהערט אינ שלאָפּ, ווי ס'פאלנ אײַנ די לעצטע קראָקוועס פונעמ רעבזעהויפּ.

---

# אינהאלט

## בערע



## דער רעבזעהויפ

רעדאקטער—איזי כאריק
טעכרעדאקטער—אבראמאָוויע
קאָרעקטער—ג. פרידמאנ

אָפגעגעבנ אינ דרוק—35-21/IV י. אונטערגעשריבנ צומ דרוק—35-17/VI י.
צאָל דרוק־בויגנ $7^1/_8$ פאפיר $72\times105$ $^1/_{32}$ צאָל צייכנס אינ א דרוק-בויגנ 52.000. טיראזש 6185 עקז. באשטעלונג 388. גלאווליט Б-1827.
פאראנטוואָרטלעכער קאָרעקטער פונ דרוקערייַ—קאראסיק

דרוקערייַ א. נ. סטאלינ. מינסק